# עפּיזאָדן פון מיין לעבן

פון

**שניאור יאַפּפּע**

אין צוויי טײלן

מיט א פאָרוואָרט און רעדאַקטירט

פון **דניאל טשאַרני**



באָסטאָן, מאַס.

1953

געווידמעט
מיין טרייע חברטע
און לעבנס באַגלייטערן
**בעסי יאַפפע**

# אינהאַלט



## ערשטער טייל

## צווייטער טייל



## אַ פּאָר פון מיינע לידער

# רשימה פון יידישע שרייבער און כלל־טוער, וועלכע ווערן דערמאָנט אין בוך

דניאל טשארני

# פאָרוואָרט

געוויינטלעך מייד איך אויס צו געבן „סמיכות" אויף מאַנוסקריפּטן, וואָס זיינען נאָך ניט דערשינען אין בוך־פאָרם. דאָס בוך אַליין דאַרף ריידן פאַר דעם מחבר, אָן קיינע שום פאָררעדעס. כ'מאַך אָבער אַן אויסנאָם פאַר דעם מאַנו־סקריפּט פון שניאור יאַפּפע, וואָס טראָגט דעם נאָמען „עפּי־זאָדן פון מיין לעבן", ווייל דער מאַנוסקריפּט גופא שטעלט מיט זיך פאָר אַן עפּיזאָד.

דער גורל האָט אַזוי געוואָלט, אַז אויך דער מחבר פון די „עפּיזאָדן" זאָל ווערן אַ פּאַציענט פון דער זעלביקער לונגען־סאַנאַטאָריע, וואו איך געפין זיך שוין יאָרנלאַנג. אַזוי ווי איך בין אין סאַנאַטאָריע דער איינציקער שרייבער, איז נאַטירלעך אַז די פּאַציענטן זאָלן קומען צו מיר זיך אָראָפּ־ריידן פון האַרצן. אויסהערנדיק אַ פּאָר מאָל די טשעקאַווע מעשיות פון יאַפּפע'ס פאַרגאַנגענהייט, איז מיר איינגעפאַלן דער געדאַנק צו בעטן דעם פּאַציענט, ער זאָל די דאָזיקע מעשיות אָנשרייבן טאַקע פּונקט אַזוי, ווי ער דערציילט זיי מיר. אמת, פריינד יאַפּפע האָט שוין לאַנג פאַרגעסן ווי מען האַלט אַ פּען אין דער האַנט, כאָטש אין די בחורישע יאָרן זיינע האָט ער מיט איר יאָ געהאַט פון צייט צו צייט אונטער־

גענזינדיקט, דאָך אָבער איז אים געלונגען אין סאַנאַטאָריע צו פאַרנאָטירן די וויכטיקסטע עטאַפּן פון זיין לעבן, און כ׳האָב באַשיינפּערלעך דערזען, אַז מען דאַרף גאָר ניט זיין קיין שרייבער כדי צו קענען אָנשרייבן דעם פולן אמת פון דעם אייגענעם לייב-און-לעבן.

ביים פאַרלייענען פאַר מיר זיינע פאַרצייכענונגען זיינען ביים מחבר ניט איין מאָל פייכט געוואָרן די אויגן — אַ סימן, אַז ער לעבט איבער נאָך אַמאָל זיין שווערן האָרעפּאַש-נעם לעבן, וואָס איז געווען פול מיט דחקות און קאַמף. די דאָזיקע טרערן האָבן נאָך מער באַזאַלצט די אויפריכטיקייט פון זיינע אַמאָל-געווזענע איבערלעבונגען, וועלכע זיינען אויפן 67סטן יאָר פון זיין לעבן ווידער אַמאָל אויפגעשטאַנען תחית המתים.

פיל איך זיך אַביסל שולדיק לגבי דעם מחבר, וואָס איך האָב אים קראַנקערהייט איינגעשפּאַנט אין אַזאַ מין שרייב-אַרבעט, וואָס האָט צו טון ניט נאָר מיט טינט אַליין — האָבנ-דיק איצטער פאַר זיך דעם גאַנצן מאַנוסקריפּט, זע איך, אַז פריינד יאַפּפע האָט ניט אומזיסט פאַרגאָסן זיין טינט — און אויך זיינע טרערן.

ס׳האָט זיך באַקומען דער לעבנסגאַנג פון איינעם אַ יידישן פאָלקס-מענטשן, וואָס האָט זיך אויפגעהאָדעוועט אין דלות און עלנט און איז רייף געוואָרן אין קאַמף פאַר יושר און גערעכטיקייט.

ער איז נאָך ביז היינט פאַרבליבן אַן אידעאַליסט און ראָמאַנטיקער, ניט געקוקט אויף דעם וואָס ער האָט געהאַט

## פאָרוואָרט

דורכגעמאַכט אַ סך אַנטוויקלונגען און גלגולים פּאָליטישע.

אין דער יוגנט איז ער געווען אַ פּראָפּאַגאַנדיסט פון „בונד"; אויף די עלטערע יאָרן, אין אַמעריקע, איז ער געוואָרן אַ קאָמוניסט, ווי טויזנטער אַנדערע, וועלכע האָבן געגלויבט אַז די אָקטאָבער רעוואָלוציע וועט אויסלייזן די וועלט; אָבער אין די לעצטע יאָרן האָט ער זיך צוריקגעצויגן פון זיינע פּאָליטישע טעטיקייטן, בענקענדיק נאָך דער ראָמאַנטיק פון די אַמאָליקע יאָרן, ווען דער בלוטיקער קאַמף פאַר יושר און גערעכטיקייט איז געווען אויך אַ פּערזענלעכע נויטווענדיקייט, צוליב וועלכער ס'איז ווירקלעך כדאי געווען זיך מוסר נפש צו זיין.

דורך ש. יאַפּע'ס מעמוארן וועט איר זיך באַקענען מיט אַזעלכע וווּנדערלעכע יידישע פאָלקס-מענטשן ווי העניך דער סופר פון קופּישאָק, וועלכער פלעגט מיט דער זעלבער קדושה ווי מען שרייבט מזוזות און תפילין אויסכתיבהן בונדישע פּראָקלאַמאַציעס, זייענדיק שטאָלץ וואָס אַלע זיינע קינדער געהערן צום „בונד". אויך דער מתנגדישער רב פון קופּישאָק, וועלכער פלעגט הינטער דער גמרא האַלטן דעם „קאַפּיטאַל" פון קאַרל מאַרקס און אים שטודירן, ווי ס'וואָלט געווען אַ נייער פּירוש אויף חומש.

איר וועט אויך באַגעגענען אין יאַפּעס פאַרצייכענונגען אַזעלכע גוט-באַקאַנטע פּאָליטישע טוערס און שרייבערס ווי רפאל אַבראַמאָוויטש, משה אָלגין, דוד בערגעלסאָן, ב. וולאַדעק, דוד פּינסקי, ב. צביון, שיפּליאַקאָוו און פיל אַנדערע, מיט וועמען דער מחבר האָט געהאַט צו טון.

## פאַרוואָרט

אָבער די הויפּט מעלה פון יאפּפּעס פאַרצייכענונגען באַשטייט אין דעם וואָס זיי זיינען קורץ און פראַגמענטאַריש. זיי שטרענגען ניט אָן דעם לייענער, נאָר פאַרקערט — זיי רופן אַרויס ביי אים אַ שלל מיט אייגענע איבערלעבונגען און דערפאַרונגען.

איבערלייענענדיק יאפּפּעס ביכל קען זיך יעדן לייענער פאַרגלוסטן אָנצושרייבן אַזאַ מין קורצע איבערזיכט פון זיין דורכגעמאַכטן לעבנסגאַנג, און דאָס איז טאַקע דער עיקר!

אדרבא, זאָל טאַקע יעדער איינער פּרובירן איבערלאָזן נאָך זיך אַ וועלכן ניט איז געשריבענעם דאָקומענט פון זיין לעבן אין דער אַלטער היים און פון זיינע איבערלעבונגען אין דער נייער היים — אין אַמעריקע. דאָס וועט ניט נאָר באַרייכערן אונזערע מעמואַרן-ליטעראַטור, נאָר ס׳וועט אויך זיין די בעסטע באַוועגלעכע מצבה אויף דער אַלטער היים אונזערער, וואָס איז פאַרשניטן געוואָרן אין איר בליענדיקן עלטער און איז אַפילו ניט געקומען צו קבר ישראל.

ש. יאפּפּעס „עפּיזאָדן פון אַ לעבן" געהערן צו אָט דער דאָזיקער מצבה-ליטעראַטור, וועלכע איז געשריבן געוואָרן ניט נאָר מיט טינט אַליין. . . .

אדרבא, כן ירבו! זאָלן אויך אַנדערע שרייבן, אָבער ניט אין שפּיטעלער און סאַנאַטאָריעס, נאָר ביי די אייגענע שרייב-טישן אין דער היים.

ליבערטי-סאַנאַטאָריע, זומער, 1952

# באַגריסונג פון אַרבעטער רינג

# ברענטש 718

---

מיר, די מיטגלידער פון ברענטש 718 אַרבעטער רינג, באָסטאָן, באַגריסן אונדזער פריינט און חבר ש. יאַפפע צו דער דערשיינונג פון זיין בוך: „עפּיזאָדן פון מיין לעבן".

מיר פילן זיך שטאָלץ מיט דעם, וואָס איינער פון אונזערע נאָענטע חברים, האָט געקענט אין צייט פון טיפע ווייטיקן אויפן קראַנקן בעט אין אַרבעטער רינג סאַניטאַריום, זיך אונטערנעמען צו שרייבן אַ בוך — די עפּיזאָדן פון זיין אייגן לעבן.

מיר ווען אין דעם מאָמענט ניט געבן קיין איבערבליק וועגן דעם בוך, ווייל דער לייענער וועט דאָס געפינען לייענדיק, אַז עס איז אויף קיין פאַל ניט איבערטריבן. יעדער איינער וועט זען זיך אַליין אין חבר יאפעס לעבן — אין קאַמף פון יידיש געזעלשאַפטלעכן לעבן — ווי אַ שפּיגל פון זיך אַליין.

מיר האָפן, אַז מיט דער דערשיינונג פון זיין בוך, וועט אונזער פריינט און חבר געפינען אַ טרייסט און אַ היילונג אין זיין שוואַכן געזונט. מיר ווינטשן אים לאַנגע יאָרן מיט אונדז צוזאַמען.

די קאָמיטע

שואל אייזיק פרידמאַן
בען בלאק

## אַריינפיר

ס׳איז מיר איינגעפאַלן צו פאַרצייכענען אייניקע עפּיזאָדן פון מיין לעבן. איך פרעג אָבער זיך אַליין: ווער נויטיקט זיך אין דעם? ווערמען קען פאַראינטערעסירן מיין לעבן? כ׳בין דאָך איינער פון מיליאָנען, כ׳האָב זיך מיט גאָרניט אויסגעצייכנט, נאָר אָט בין איך אויף די עלטערע יאָרן אַרויסגעריסן געוואָרן פון אַקטיוון לעבן — כ׳בין קראַנק און צעבראָכן — האָב איך געגעבן צייט צו באַטראַכטן מיין פאַרגאַנגענהייט. כ׳האָב אַ סך געלייענט, זיך באַטייליקט אין געזעלשאַפטלעכן לעבן, דאָך אָבער קען איך ניט זאָגן אַז איך האָב באַנומען די חכמה פון דער וועלט. צו די טיפע קוואַלן פון וויסן בין איך ניט דערגאַנגען. קיינער, אַבסאָלוט קיינער, האָט מיך ניט געלערנט; אַפילו אָט דעם ניט־געהובלטן יידיש אויף וועלכן איך שרייב, האָט אויך מיר קיינער ניט געלערנט. דאָך האָב איך זיך אָוועקגעזעצט שרייבן, כדי צו פאַרטרייבן די צייט. איך שפּיל זיך מיט דער פּען. אפשר וועט פון דעם דאָזיקן שפּיל עפּעס וואָס אַרויסקומען?

# די מאַמע באַקומט אַ קדיש

מיט אַ יאָר 67 צוריק האָט אַ שווער פאַרהאָרעוועטע פרוי זיך שטאַרק צעוויינט ווען זי האָט דערפילט, אַז אונטערן האַרצן נעמט זיך וואָס פאַרקניפּן. שוין צוועלף קינדער געהאַט, עס גייט קומען אַ 13־טער. מער ווי אַ העלפט איז שוין אויף יענער וועלט. פאַר די עטלעכע וואָס דרייען זיך אַרום, איז אויך ניטאָ וואָס צו פּיקן. איצט אַ נייער בראָך אין דער ביטערער אָרעמקייט. נאָך אַ נפש וועט צוקומען. אַזוי בין איך אין אָרעמקייט געקומען אויף דער וועלט. מזל טוב! אַ יינגל. די שמחה איז גאָר גרויס, עס וועט זיין אַ קדיש. דריי יינגלעך זיינען שוין אויף יענער וועלט. אַזוי שיקט גאָט צו דעם אָרעמאַן אַביסעלע פרייד. פאַר דער מאַמען איז די פרייד געווען גאָר גרויס. דער טאַטע האָט געהאַט אַ קדיש פון זיין ערשטער ווייב. די מאַמע האָט פון איר ערשטן מאַן געהאַט דריי טעכטער. די מאַמע איז פול מיט פרייד.

דער ערשטער זומער איז פאַר מיר געווען ניט קיין שלעכטער. ווי די מאַמע דערציילט, איז מיין וויגעלע געהאַנגען אונטער אַ באַרן־בוים. זומער פלעגן מיינע עלטערן האַנדלען מיט סעדער. אויב איך האָב נאָך ביז איצטער אַ שוואַכקייט צו לייענען פּאָעזיע — איז אפשר צוליב דעם באַרן־בוים, וואָס זיינע צווייגן האָבן מיך געוויגט.

שניאור יאַפּפּע

# מיינע חדר־יאָרן

דעם יאָר פון שווערער אַרבעט האָב איך זייער פרי דערפילט. מיינע עלטערן מיט זייער ביטערער האָרעוואַניע האָבן דאָך ניט געהאַט קיין ברויט צו זאַט. ווינטער איז געווען גאָר שרעקלעך. די עלטערע קינדער זיינען זיך שוין צעפאָרן אָדער חתונה געהאַט. מיר מיט די עלטערע שוועסטערל איז אויסגעקומען צו העלפן ביים דרייען שטריק צו בינדן פלאַקס. ביי אונז אין שטעטל איז אָנגעגאַנגען אַ פלאַקס - האַנדל.

דאָס שטיבעלע אונזערס איז קליין, ניט געקאַלכט, דריי קליינע פענסטערלעך ביי דער ערד. קיין הימל זעט זיך ניט אַרוים. טאָג און נאַכט איז פינסטער. ס'פלעגט ברענען אַ קאָפּיקענער קנויטל (אַ זיבעלע), וואָס פלעגט קוים לויכטן. דאָס קליינע אויוועלע פלעגט מען איינהייצן ביינאַכט צו פאַרטאָג? קיין זייגער האָבן מיר ניט געהאַט. דער באָדן (די פּאָדלאָגע) איז געווען פון ערד. די ווענט — קיילעכדיקע קלעצער. טאַטע־מאַמע פלעגן אויפשטיין מיט דעם ערשטן קריי פון האָן. קודם כל פלעגן זיי אויסשאָקלען די פּאַקעלעס — דאָס איז דער אָפּפאַל פון פלאַקס. מען האָט געמוזט האָבן אַ דריטן צו דרייען די ראָד.

אין מיטן דער נאַכט פלעגט מיך דער טאַטע נעמען וועקן, די מאַמע האָט ניט געהאַט קיין האַרץ דאָס צו טון. אָנגעהויבן האָט ער מיט צערטלעכע ווערטער: זונעלע, שטיי אויף, עס איז שוין באַלד טאָג, שטיי אויף. וואָס מער אין

מיינע אויערן האָט געקלונגען „שטיי אויף״, אַלץ מער האָט מיך געצויגן צו שלאָפן. אין שטוב איז געווען שרעקלעך קאַלט. ווען די צערטלעכע ווערטער האָבן ניט געהאָלפן, פלעגט דער טאַטע מיר אָנבאַטן ברויט מיט צוקער. ווען אויך דאָס האָט ניט געהאָלפן, פלעגט דער טאַטע מיך אַרויס־שלעפן פון בעט, מיך אַוועקשטעלן ביי דער מאַשין און מיט אַ בייז קול באַפעלן: דריי די ראָד! גאַנץ אָפט פלעג איך זיך איבערדרייען איבער דער מאַשין. איך בין געווען צו קליין. מען פלעגט מוזן אונטערשטעלן אַ קעסטעלע, כדי איך זאָל קענען דערלאַנגען דאָס הענטל פון דער מאַשין. אַזוי פלעגן מיר אַרבעטן פון דריי ביז פיר שעה אַ פרימאָרגן. דער אָנבייסן פלעגט באַשטיין פון אַזוינע געריכטן: ברויט, בולבעס מיט גרויפּן. אַמאָל אַ שטיקל הערינג אָדער אַ זויערע אוגערקע. אין חדר בין איך נאָך ניט געגאַנגען. מיט אַ יאָר שפּעטער, ווען איך האָב גענומען גיין אין חדר, פלעג איך מוזן אַרבעטן דריי־פיר שעה איידער איך בין אַוועקגעגאַנגען אין חדר. ווי אַלט איך בין געווען אַז איך האָב אָנגעהויבן צו גיין אין חדר אַריין, געדענק איך ניט. איך האָב געמוזט זיין אַ יאָר פינף. דעם ערשטן טאָג, געדענק איך, האָט מען זיך מיט מיר אַ שפּיל געטאָן — אַ מלאך וואַרפט קאָפּי־קעס פון אויבן. איך בין געווען זייער צופרידן דערפון, ווייל זייער זעלטן האָט מען מיר געגעבן אַ קאָפּיקע. אַזאַ שפּיל האָט פאַרן טאַטן עפּעס ניט געפּאַסט — ער איז שוין געווען אַ ייד אין די עלטערע יאָרן. זיין שווער לעבן האָט אים נאָך עלטער געמאַכט. איך בין געווען ניט צופרידן צו האָבן

אָן עלטערן טאַטן. אַלע ייִנגלעך האָבן יונגע טאַטעס. אָבער די מאַמע איז געווען איבער גליקלעך. איך האָב די ערשטע וואָך געקענט דעם אלף־בית. אַט־אַט וועט זי האָבן אַ קדיש. דער ערשטער ווינטער איז געווען נישקשה. די מאַמע פלעגט מיך אַוועקפירן און אָפּנעמען פון חדר. מיר האָבן געוווינט אַ פּאָר וויאָרסט פון שטעטל. נאָך איין ייִדישע פאַמיליע האָט דאָרט געוווינט. אויפן וועג אַהיים פלעגן אונז באַפאַלן אַ סך הינט. אויך פון די שקצים פלעג איך באַקומען אַ סך קלעפּ. מיין יונג לעבן איז שטענדיק געווען אין געפאַר. איך בין געווען פול מיט שרעק. איך האָב מקנא געווען יענע קינדער וואָס וווינען אין שטאָט, זיי דאַרפן ניט פאַרבייגיין די בוינע מיט די בייזע הינט; און די שקצימלעך זיינען נאָך געווען ערגער פון די הינט. זומער פלעג איך אין חדר ניט גיין, מיין פאָטער פלעגט מיך האַלטן אין זיינע סעדער. קיין גוטע מלמדים האָב איך ניט געהאַט, די מאַמע פלעגט זיך שעמען מיך צו שיקן אין תלמוד־תורה. דער טאַטע ווידער האָט ניט געהאַט מיט וואָס צו צאָלן בעסערע מלמדים. במילא פלעגט מען מיך שיקן צו מענדלען דעם געבריכטן אָדער צו עזריאל־יאָסיע, דעם הינקענדיקן. פאַר אַ זמן האָט מען געצאָלט פינף רובל. קיין סך האָב איך זיך אין אַזאַ חדר ניט געקענט אויסלערנען. איין מאָל האָט די מאַמע מיך אַוועקגעפירט צו יודל דעם מלמד. ער האָט מיך פאַרהערט און געזאָגט דער מאַמען, אַז איך האָב אַ גוט קעפּל. ווען זי שיקט מיך צו בעסערע מלמדים און ווען איך זאָל נאָך דערצו לערנען אויך זומער, אַזוי ווי אַלע קינדער, וואָלט איך געקענט

ווערן אַ לערנער. מיינע חדר־יאָרן זיינען געווען פאַר מיר זייער טראַגיש. לערנענדיק ביי עזריאל־יאָסיען בין איך געווען געצוווּנגען צו טון אַזעלכע זאַכן וואָס די קינדער פון אַנדערע חדרים האָבן דאָס ניט גערדאַרפט טון.

די קינדער פון מיין חדר פלעגן דאַרפן גיין זאָגן תהילים ביי טויטע אין הקדש. איין מאָל, דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס דער רבי עזריאל־יאָסיע האָט מיך געשיקט זאָגן תהילים אין הקדש ביי אַן אַלטער טויטער פרוי, וואָס האָט קיינעם ניט געהאַט. מען האָט גערדאַרפט בעטן פאַר איר נשמה. איך בין אַריינגעקומען אין הקדש. ביי דער טיר ליגט אַ מענטש איבערגעדעקט מיט אַ שוואַרצער קאָלדרע, אַ ליכט צוקאָפּנס, אַ פּאָר ווייבער בעטן גאָט פאַר איר נשמה. די געשרייען פון די ווייבער, די שוואַרצע קאָלדרע און דאָס ליכטל אין קאַלטן הקדש האָבן מיך געמאַכט היסטעריש, און איך בין אַנטלאָפן אַהיים. די מאַמע האָט מיך ניט געקענט איינשטילן. שפּעטער האָב איך איר דערציילט וואָס מיט מיר האָט פּאַסירט, האָט זיך די מאַמע צעוויינט אויף איר ביטער מזל. די מאַמע האָט מיר אָנגעזאָגט, אַז נאָך אַמאָל, ווען דער רבי וועט מיך שיקן צו די טויטע זאָגן תהילים, זאָל איך אים זאָגן אַז איך בין אַ כהן. . . .

איין מאָל איז די גבירטע פון שטעטל זייער קראַנק געוואָרן. דער רבי האָט געהייסן גיין אויפן פעלד זאָגן תהילים. איך זאָג דעם רבין, איך בין אַ כהן. דער רבי הייסט מיר ניט אַרויפגיין אויפן פעלד, נאָר שטיין פון דער זייט פּאַרקן. איך בין געשטאַנען ביים פּאַרקן, געזאָגט תהילים אָן כונה.

ווען די גבירטע איז געזונט געוואָרן, זי איז געווען זייער א קאַרגע, דאָך האָט זי געטיילט שטיקלעך געוואַנט פאַר די אָרעמע קינדער וואָס האָבן געזאָגט תהילים. די מאַמע האָט דעם געוואַנט ניט גענומען.

## דעם טאַטנס פּרנסות

ווען איך בין אונטערגעוואַקסן, האָב איך ניט געקענט צוזען ווי מיינע עלטערן האָרעווען אַזוי שווער אויף דעם שטיקל ברויט. זומער-צייט פלעגט דער טאַטע אָפּדינגען קליינע סעדלעך לעבן שטעטל. ווען די פּרוכטן פלעגן ווערן פאַרטיק, פלעגט מען מוזן לויפן פון סעדל צו סעדל אַרונטער־כאַפּן די פּירות איידער די גויים פון די אַרומיקע דערפער פלעגן זיי צעגנבענען. ווען דער טאַטע פלעגט אַמאָל דינגען עמעצן אַרונטער צו נעמען די פּרוכטן, פלעגט ניט זיין מיט וואָס צו באַצאָלן. איין מאָל, געדענק איך, האָט דער טאַטע פאַרקויפט עטלעכע פורן עפּל פאַר האַלב אומזיסט. ווען מען האָט גענומען רייסן די עפּל, האָט זיך אַרויסגעשטעלט אַז מען וועט גאָר דערלייגן צום געשעפט. דער טאַטע האָט שוין אָבער גענומען פינף רובל האַנטגעלט. די קויפער זיינען געווען רוסן. מיט אייגענע גויים קומט מען נאָך דורך, אָבער מיט רוסן — איז שלעכט. וואָס טוט מען? איז די מאַמע געפאַלן אויף אַ פּשוטן פּלאַן: ניט געבן די עפּל. דער טאַטע האָט זיך שטאַרק געשראָקן דערפאַר; די רוסן קענען נאָך אָפּטון שדים ווייסן וואָס. איז פאַרגעקומען אַ קריג צווישן

טאַטע־מאַמע — די מאַמע איז דערפאַר, מען זאָל ניט געבן די עפּל; דער טאַטע אָבער האָט מורא. לויט דער קריגערייַ בין איך געוווען זיכער, אַז מען וועט אונז אַלעמען אויס־הרגענען. דער געפערלעכער טאָג איז געקומען — ביי מיר קלאַפּט דאָס הערצל, איך קום אום פון שרעק. די מאַמע קאָכט דעם אָנבייסן. די באַקן זיינען ביי איר רויט, און זי שרייט ווידער די זעלבע זאַך — אַז ער, דער טאַטע, איז אַ שלים־מזל — און אָט פאַרן אָן די רוסן. די מאַמע שרייט צום טאַטן: לייבע, באַהאַלט זיך! דער טאַטע, אַ הויכער ייִד, לויפט זיך באַהאַלטן ווייט הינטער די ביימער.

די רוסן קומען אַריין און פרעגן — וואו איז לייבע? ניטאָ! ענטפערט די מאַמע. וואו זיינען די עפּל? ניטאָ!

די רוסן שרייען מיט אַ ווילדער רציחה: וואָס מיינסטו ניטאָ? פינף רובל האַנטגעלט גענומען, די סחורה גיסטו ניט. אָט וועלן מיר דיר וויזן!

נאָט אייך די פינף רובל צוריק און לאָזט מיך צורו, זאָגט די מאַמע; קיין עפּל האָב איך ניט. אַ קלוגעטשקע, די זשי־דאָווקע! וועלן מיר דיר וויזן, ווער עלטער איז! די מאַמע כאַפּט אַ ביינקל און גיט אַ געשריי: גייט פון דאַנען אויב ניט וועל איך אייך די קעפּ צעשפּאַלטן. איך שריי אויך מיט באַנומענע קולות; מיין שוועסטערל בעט זיך ביי דער מאַמען, זי זאָל זיך ניט שלאָגן מיטן בענקל. די רוסן מאַכן „פּאַ מאַטיערעס", וואַגן אָבער ניט אויפצוהויבן אַ האַנט אויף דער מאַמען.

אַזוי האָט זיך אָפּגעטומלט אַ האַלבער טאָג, ביז זיי האָבן

צוגענומען די פינף רובל האַנטגעלט צוריק און זיינען אַוועק־געפאָרן. דעמאָלט איז דער טאַטע אַרוים פון באַהעלטעניש, אַ פאַרשעמטער. ער, אַ מאַן, האָט זיך באַהאַלטן; זי, אַ פרוי, האָט פאַרטריבן די רוסן.

איך האָב געקוקט אויף דער מאַמען ווי אויף אַ העלד — זי איז אין מיינע אויגן גרעסער געוואָרן.

## מיינע ערשטע פאַרדינסטן

פון שטענדיקער שרעק פאַר די הינט און אייביקער מורא פאַר די שקצים, בין איך קראַנק געוואָרן. איך האָב ניט געקענט שלאָפן און האָב געגומען „אונטערגיין". ווייבער האָבן מיין מאַמען געגעבן אַן עצה מיך אָפּצופירן אין וויזון, וואו אַ גוי היילט אוים פון שרעק.

אין וויזון האָט געוואוינט מיין שוועסטער, זיינען מיר אַהין אַוועקגעפאָרן. דער גוי האָט גענומען מיך היילן: פון דער הויך פלעגט ער גיסן אויף מיר אייז־קאַלטע וואַסער. אַזוי צען מאָל אַ טאָג. דאָס איז געווען איין מיטל מיך צו היילן. ער האָט אָבער געהאַט נאָך אַ מיטל: ער פלעגט מיר אַוועקפירן אין וואַלד, ווען ס'איז שוין פינסטער געווען, און שרעקן מיך. אַז איך בין אַרוים אַ לעבעדיקער פון דעם „דאָקטאָרס" הענט, איז אַ גרויסער נס.

מיט דער צייט בין איך פונדעסטוועגן געזונט געוואָרן. דעם זומער, פאַרשטייט זיך, בין איך שוין אין חדר ניט גע־גאַנגען. די אָרעמקייט איז געווען גרוים, עס איז אַפילו ניט

געווען מיט וואָס צו קויפן מעל אויף חלות; קידוש פלעגט מען מאַכן אויף מצות, וואָס זיינען נאָך ביי אונז פאַרבליבן פון פסח; בין איך אוועקגעגאַנגען פאַרדינען ביי אַ גערטנע־נירער, ביז וואַנען עס וועט זיך אָנהויבן די אַרבעט אין די סעדער. די גערטנערירער האָבן געצאָלט צען קאָפּיקעס אַ טאָג. די אַרבעט איז געווען זייער אַ שווערע און מען פלעגט אַרבעטן פון זון־אויפגאַנג ביז זון־אונטערגאַנג. דערפאַר פלעג איך פרייטאָג באַקומען זעקס זילבערנע „גריווינקעס", און מיט פרייד פלעג איך לויפן אַהיים דערלאַנגען דער מאַמען מיין וואָכן־פאַרדינסט. דער מאַמען זיינען די זעקס שווער פאַרהאָרעוועטע „גריווינקעס" זייער גוט צונוץ־געקומען.

איך פלעג ווערן זייער פאַרמאַטערט גראָבנדיק די ערד און מאַכן „ראָווקעס" פאַר די זאָמען. איך בין דעמאָלט אינ־גאַנצן ניין יאָר אַלט געווען. נאָך אַזאַ וואָך אַרבעט האָב איך שוין קיין כוח ניט געהאַט צו שפּילן זיך מיט די קינדער. איך פלעג אַוועקפאַלן שלאָפן ווי אַ געהרגעטער. אויף דער שבת איז ביי מיר געווען אַ פאַרשטערטער. כאָטש קנעפּלעך האָב איך געהאַט, אָבער קיין כוח צו שפּילן זיך האָב איך ניט געהאַט. אַזוי האָב איך אָפּגעאַרבעט 8־10 וואָכן, דער־נאָך בין איך אַוועק מיט די עלטערן אין די סעדלעך. דעם זומער האָט דער טאַטע געדונגען צוויי סעדלעך אין מילונצע, צוועלף וויאָרסט פון אונזער שטעטל. חוץ דעם וועט מען דאָרטן קענען האַלטן דעם ביטערן טראָפּן, און מיט דעם קען מען עפּעס פאַרדינען. האָט מען געדאַרפט קויפן צוויי פעס־לעך בראָנפן, אָבער קיין געלט דערויף איז ניט געווען. די

מאַמע, ווי שטענדיק, האָט ווידער אַ גוטן פּלאַן: מייזעל דער פּאַדוואַלטשיק וועט איר געווים דעם בראָנפן געבן אויף באָרג. מייזעל האָט טאַקע געבאָרגט די צוויי פעסלעך בראָנפן.

*　　*　　*

מיר לאָזן זיך אין וועג אַריין קיין מילונצע. קיין פערדל איז ניטאָ, מוז מען גיין צופוס. דער טאַטע נעמט איין פע־סעלע אין אַ זאַק, לייגט אויך אַריין ברויט מיט זאַלץ—בולבעס מיט גרויפן קריגט מען שוין אין דאָרף. די מאַמע נעמט דאָס צווייטע פעסעלע, און מיר גייען אַרויס. די שוועסטער האָט שיכעלעך, איך אָבער גיי באָרוועס; איך שעם זיך דערמיט, און מיין שוועסטערל וויל אינגאַנצן ניט גיין מיט אונז — זי טענהט, אַז מיר קוקן אוים ווי בעטלער. די מאַמע בעט זיך ביי איר: קיינער וועט אונז ניט זען און מען וועט ניט לאַכן פון אונז, מיר וועלן גיין מיט די גערטנער. עס איז אַ זוניקער וואַרעמער טאָג. מיר גייען אַרוים אויפן שליאַך, דער וועג איז אויסגעשאָטן מיט קליינינקע שטיינדעלעך, און כאָטש מיינע פיסלעך זיינען געגנוג פאַרהאַרטעוועט, נאָר אַז איך גיי אָפּ אַ פּאָר וויאָרסט, הויבן זיי אָן צו בלוטן. איך וויין, עס טוט מיר וויי. וואָס טוט מען? מיר שטעלן זיך אָפּ, די מאַמע טוט אוים איר פאַרטוך, צערייסט אים אויף צווייען און בינדט מיר אַרום די פים. מיר לאָזן זיך ווייטער גיין. גויים אַרבעטן אויף די פעלדער, מיר ווינשן זיי: „גאָט זאָל אייך העלפן!" זיי דאַנקען אונז אָפּ. זיי דריקן אַפילו אוים מיטלייד, וואָס אַ פרוי דאַרף שלעפּן אַזאַ שווערן זאַק.

## עפּיזאָדן פון מיין לעבן

די שמאַטעס, מיט וואָס די מאַמע האָט מיר אַרומגעבונדן די פיס, האָבן לאַנג ניט אויסגעהאַלטן, זיי זיינען צעריסן געוואָרן. בלוט רינט פון די וואונדן, עס טוט מיר ווייַ און איך וויין. קוים מיט צרות האָבן מיר זיך דערשלעפּט ביז פּאָלעוועגע. עס וואוינען דאָרט עטלעכע יידישע פאַמיליעס, אויך מיין מאַמעס אַ קרובה. מיר זיינען אַריינגעגאַנגען צו איר, מען האָט אונז געגעבן עפּעס צו עסן. די קרובה פרעגט ביי מיין מאַמען וואָס מיט מיר איז — פאַרוואָס וויין איך? די מאַמע שעמט זיך אויסצוזאָגן דעם אמת, אַז איך האָב ניט קיין שטיוועלעך, זאָגט זי, אַז איך האָב געוואָלט גיין באָרוועס. מען האָט קוים געפונען אַ פּאָר אַלטע גרויסע פאַרדאַרטע שטיוול, מען האָט זיי אָנגעשטאָפּט מיט שטרוי, און איך האָב זיי אָנגעטאָן. מיר האָבן זיך ווידער געלאָזט אין וועג אַריין און זיינען אָנגעקומען אין דאָרף. מיינע פיס זיינען אינגאַנצן געווען באַדעקט מיט וואונדן.

דער ביטערער טראָפּן, וואָס מיר האָבן מיט זיך מיטגענומען, האָט אויך ווייניק וואָס געהאָלפן. די גויים האָבן טאַקע געטרונקען, אָבער די מערסטע פון זיי האָבן ניט באַצאָלט פאַרן בראָנפן. מען האָט זייער שווער געאַרבעט און קוים געהאַט גענוג מייזלען דעם פאַדוואַלטשיק צו באַצאָלן. צו וואָס דער אָרעמאַן נעמט זיך, טויג דאָס ניט.

איך פלעג גיין אין וואַלד קלייבן שוועמלעך, יאַגדעס אַלערליי. די מאַמע האָט פון די שוועמלעך מיט די יאַגדעס געמאַכט אַלערליי געריכטן; מילך פלעגט מען קריגן ביי די גויים אין דאָרף. עסן איז געווען גענוג. איך האָב זיך אַביסל

אויסגערוט, און אפילו גערינען אויף אַ פּערד צוזאַמען מיט די שקצימלעך. דער טאַטע האָט דאָס ניט געוואָלט ליידן — איך האָב ווייניק געאַרבעט, האָט ער געמיינט. איך האָב גע־דאַרפט רייסן אַלערליי יאַגעדעס, אַגרעסן, ווייַנפּערלעך און נאָך אַזעלכע פּרוכטן. רייסנדיק די אַגרעסן צעשטעכט מען זיך די הענט ביז בלוט, האָט די מאַמע מיך דאָס ניט געלאָזט טון, און איבער דעם פלעגן אַרויסקומען קריגערייען צווישן טאַטן מיט דער מאַמען.

דער זומער איז אַריבער, מיר זיינען געבליבן אין דאָרף איבער ימים־טובים. דער טאַטע האָט געפונען אַ מנין אַ פּאָר ווערסט פון דעם דאָרף. מיר זיינען אַוועק אַהין. איינ־געשטאַנען זיינען מיר ביי שניאור דעם בליזגער — אַ ייד אַ בייזער, אויף קיינעם האָט ער ניט געקוקט, אויף אַלעמען געווען אין כעס. געהאַט האָט ער זעקס זין און איין טאָכ־טער. האָט זיך געדאַרפט מאַכן אַ צרה — די בת־יחידה איז טראַגעדיק געוואָרן פון אַ שייגעץ. וואָלט אפשר די צרה געקומען פון אַ יידן, איז מילא, וואָלט מען אים געהאַדעוועט. אָבער פון אַ שייגעץ? פלעגט די מוטער וויינען און קלאָגן.

דער טאָג, געדענק איך, איז געווען אַ קאַלטער; איך בין אַרויף אויפן אויוון און זיך צוגעהערט צו די רייד פון די יידן. וועגן וואָס ריידן דאָרפס־יידן אין די פרייע יום־טובדיקע טעג? פאַרשטייט זיך, וועגן תכלית פאַר קינדער. עזריאל, דעם טאַטנס אַ קרוב, דאָס גאַנצע לעבן אַ דאָרפס־מענטש, האָט געהאַט זיין מיינונג וועגן דערציאונג — אַז יינגלעך דאַרף מען צוגעוואוינען פון קליינערהייט אָן צו דער אַרבעט,

גענוג אַז זיי זאָלן קענען דאַווענען. שניאור, וואָס אים האָט געטראָפן די טראַגעדיע מיט דער טאָכטער, האָט געמיינט, אַז אַ מיידל ווערט געבוירן, דאַרף מען זי דערטרינקען; און אַ יינגל, דאַרף מען האַלטן ביז אַ יאָר אַכט און נאָך דעם — גיי. . . . דער טאַטע מיינער איז שוין געווען מער ליבעראַל: אַ קינד, האָט ער געזאָגט, דאַרף מען האַלטן ביז צען יאָר און נאָך דעם עפענען די טיר און — פלי, אַזוי ווי אַ פויגל און זאָרג פאַר זיך! מיר איז זייער אומעטיק געוואָרן אויפן האַרצן. ניין יאָר בין איך דעמאָלט אַלט געווען — נאָך איין יאָר און איך וועל זיך דאַרפן אַליין בויען מיין נעסט.

## ביים קאַלך־אויוון

די אַרבעט אין גאָרטן איז געווען זייער שווער. געצאָלט האָט מען צען קאָפּיקעס אַ טאָג. שבת טרעף איך איצקע דעם אָראָפּבאַרגער און ער זאָגט מיר, לעבן פּאַלעוועגע איז דאָ אַ קאַלך־אויוון, דאַרף מען דאָרט קלייבן שטיינער, און דערפאַר צאָלט מען פינף רובל אַ חודש. אין מיינע אויערן קלינגט דאָס זייער גוט, דאָס איז צוויי מאָל אַזוי פיל וואָס איך קריג ביי דעם גערטענירער. איך לויף אַהיים און פאַל אריין אין שטוב אַ פאַרסאַפּעטער: „מאַמע, דו ווייסט, איצקע דער אָראָפּבאַרגער האָט מיר געזאָגט, אַז מען דאַרף האָבן יינגלעך לעבן פּאַלעוועגע ביי אַ קאַלך־אויוון, מען צאָלט פינף רובל אַ חודש." די מאַמע פרעגט מיך: „וואָס וועסטו דאָרטן טון ביי אַ קאַלך־אויוון?" „איך וועל קלייבן שטיינער", ענטפער

איך. די מאַמע איז פאַרוואונדערט: „קלייבן שטיינער? דו, אַזאַ שוואַך קינד! ניין, ניין, ניט פאַר דיר." „אָבער זע, מאַמע, עס מאַכט אוים צוויי מאָל אַזוי פיל וואָס איך קריג ביי מענדען." „אָבער, זאָגט די מאַמע, וואו וועסטו עסן און וואו וועסטו שלאָפן?" „עס איז דאָ דערביי אַ יידישער פּאַכ־טער, ער גיט מילך מיט פּאָדסמעטאַנקע אומזיסט. ברויט וועל איך מיטנעמען. שלאָפן וועל איך אין אַ ביידל."

איך בעט זיך ביי דער מאַמען, זי זאָל מיך לאָזן גיין, און זי שטימט צו. זי גיט מיר מיט אַ לאבן ברויט, זעקס האַרטע גאָמעלקעס (אויסגעטריקענטע קעז) און אַ טעפּעלע מאַלינע זאַפט. זונטאג גאַנץ פרי נעם איך דאָס זעקעל מיטן עסן און גיי צו איצקע דער אַראָפּבארגער.

מיר לאָזן זיך גיין צום קאַלך־אויוון. מיר קומען אָן און עס נעמט רעגענען. אין אַ רעגן קען מען ניט קלייבן קיין שטיינער. ביינאַכט ליגן מיר אין ביידל, עס רעגנט אַריין. ס'איז שלעכט. וואָס טוט מען? מיר געפינען אַ סערמיאגע (אַ פויערישער מאַנטל) און מיר דעקן מיט אים איבער דאָס ביידל. ס'ווערט עטוואָס בעסער, אָבער שלאָפן קען מען פאָרט ניט. אויף מאָרגן לייטערט זיך אוים און מיר גייען אויפן פעלד קלייבן שטיינער. דער בעל־הבית ווייזט אונז וואָס פאַר אַ שטיינער מיר זאָלן קלייבן — זיי מוזן זיין ווייס, פלאַטשיק. אָט פון די ווייסע שטיינער, אַז מען ברענט זיי איבער ווערט קאַלך. מען גיט אונז גרויסע קערב און מיר נעמען זיך צו דער אַרבעט. מיר לייגן צונויף די שטיינער אין הורבעס; דערנאָך קומט אַ פערד און וואָגן, פירט אַוועק די

שטיינער צום קאַלך-אויוון און דאָרט ווערן זיי פריער סאָרטירט.

דער אויוון איז זייער אַ פּרימיטיווער: אַ ריזיק גרויסע גרוב, די ווענט אַרומגעלייגט מיט שטיינער, אַ גרויסע טיר אויף אַריינצולייגן די קלעצער און אויבן, אויף די קלעצער, זיינען דורכגעצויגן גראָבע דראָטן. אויף די דאָזיקע דראָטן שיט מען אָן שטיינער. פון דעם ערשטן טאָג אַרבעט בין איך געוואָרן אַזוי אויסגעמאַטערט, אַז איך האָב זיך אויף מאָרגן ניט געקענט רירן פון אָרט. פאַר מיין צען-יאָריקן עלטער איז דאָס געווען צופיל. דער בעל-הבית האָט מיר געהייסן זיך אָפּרוען אַ האַלבן טאָג. ער זאָגט מיר, אַז איך בין זייער אַ האָרעפּאַשנער יינגל און איך זאָל זיך אַלע שעה אַ ווײַלע אויסרוען, ווען איך ניט ווערן אַזוי אויסגעמאַטערט. דעם ערשטן טאָג האָב איך אָנגעקליבן אַזוי פיל שטיינער, וואָס האָבן געקלעקט פאַר צוויי טעג אַרבעט. מיין עסן איז באַשטאַנען פון ברויט מיט האַרטן קעז, און איך פלעג דאָס פאַרטרינקען מיט וואַסער. פאַרנאַכט צו פלעגן מיר גיין צום פאַכטער און דאָרט פלעגט מען אונז געבן געניג מילך. קיין געלט פאַר דעם פלעגן זיי ניט נעמען. איין מאָל האָט דעם פאַכטערס פרוי אָפּגעקאָכט פאַר אונז מילכיקע גרויפּן. מיר זיינען געווען אַזוי פאַרטריקנט, אַז ביז היינט צו טאָג געדענק איך נאָך דעם וואַרעמען קרופּניק. אין די קאַלטע אָוונטן פלעגן מיר זיצן אַרום דעם אויוון און זיך וואַרעמען, אָבער לאַנג פלעגן מיר דאָרט ניט קענען זיצן, ווייל עס פלעגן אַרויסשלאָגן זיילן פייער מיט רויך. דער גערוך פון די צע-

ברענטע שטיינער איז געווען אַזוי שרעקלעך, אַז מיר פלעגן פאַרטשאַדעט ווערן און קוים זיך דערשלעפּן צוריק צום ביידל. מיר דאַכט זיך, אַז דאַנטעס גיהנם האָט ניט געקענט זיין ערגער פון דעם קאַלך־אויוון. קיין קישן און קיין צודעק האָבן מיר ניט געהאַט, מיר פלעגן אַוועקפאַלן אויף דער שטרוי ווי געהרגעטע.

ווי נאָר די זון פלעגט אויפגיין, פלעגן זיך לאָזן הערן קולות: חברה, שטייט אויף! נעמט זיך צו דער אַרבעט! אין דער פרי איז נאָך די אַרבעט געווען צו דערליידן. ביים־טאָג אָבער, ווען די זון האָט אָנגעגליט די שטיינער, פלעגן אונ־זערע נאַקעטע פיס און הענט ברענען. עס איז געווען אומ־מעגלעך צו אַרבעטן. איך האָב דאָס געזאָגט דעם בעל־הבית, האָט ער מיר געבראַכט אַ פּאָר לאַפּטים געפלאָכטן פון קאָרע. די לאַפּטים האָב איך צוגעבונדן צו די פיס און אַוועקגעלאָזט זיך איבער דעם אָנגעגליטן פעלד צו קלייבן שטיינער.

קוים דערלעבט פרייטאָג. איך גיי אַהיים אויף שבת. איך קום אַהיים, עס איז שוין צו שפּעט צו גיין אין באָד אַריין. אַ גאַנצע וואָך זיך ניט געוואַשן פון דעם שטויב און וואַפּנע, בין איך אַזוי פאַרוואַקסן מיט בלאָטע, אַז די מאַמע האָט מיך כמעט ווי ניט דערקענט. זי האָט גלייך געשטעלט אַ קעסל וואַסער אָנצוואַרעמען, און זיך גענומען מיך באַאַרבעטן. זי וואַשט און וואַשט, ס'איז אָבער ניט צו דערוואַשן. איך בין אַרוים אין פירהויז אָפּצוואַשן דעם קערפּער, ס'איז אָבער געווען אוממעגלעך צו דערוואַשן זיך. קוים קוים דערזען עפּעס אַ שטיקל ריין לייב.

דער מאַמעס שבתדיקע וועטשערע . . . אָה, ווי גוט עס איז! איך פאַל גלייך אַוועק שלאָפן. אויף מאָרגן, איך שטיי אויף און וויל גיין אין בית המדרש, נאָר די מאַמע לאָזט מיך ניט אַרוים פון שטוב. זי רופט אַ שגץ, ער צעלייגט אַ פייער און קאָכט פאַר מיר ציקאָריע. איך האָב גיך אָפּגעדאַוונט און זיך גענומען צום עסן פאַרווייסטע ציקאָריע מיט חלה. אָה, ווי גוט עס איז געווען און געשמאַק! אַ גאַנצע וואָך געווען פאַרטריקנט אָן אַ וואַרעם געקעכטס. אַז איך האָב אָפּגעגעסן, זאָגט צו מיר די מאַמע: „מיין קינד, איך וועל דיך מער ניט לאָזן אַרבעטן ביי דעם קאַלך־אויוון. איך האָב דיר נעכטן גאָרניט געוואָלט זאָגן. דיין אויסזען איז געווען זייער שרעקלעך, מיין האַרץ האָט געוויינט אין מיר; ווען דו זאָלסט נאָך אַ וואָך דאָרט אַרבעטן, איז גאָט וויסט, וואָס עס קען טרעפן מיט דיר.” גרויסע טראָפּנס טרערן האָבן דערביי גערונען איבער איר פּנים, זי ברעכט אוים אין אַ גע־וויין: מיר וועלן פון הונגער ניט שטאַרבן”, זאָגט די מאַמע. „מאַמעניו”, זאָג איך איר, „איך וואָלט שוין מער ניט גע־גאַנגען קלייבן די שטיינער, אָבער ער האָט מיר ניט באַצאָלט פאַר דער וואָך; איך מוז גיין אַרבעטן נאָך אַ וואָך, וועל איך דעמאָלט קריגן באַצאָלט פאַר ביידע וואָכן. איך זאָג דיר צו, אַז מער ווי די וואָך וועל איך ניט אַרבעטן ביים קאַלך־אויוון, עס איז צו שווער פאַר מיר.”

זונטאג גיי איך צוריק צום קאַלך־אויוון. איך בין זייער צעבראָכן. דער בעל־הבית פרעגט מיך, וואָס מיט מיר האָט געטראָפן. איך זאָג אים, אַז די מאַמע האָט ניט געוואָלט

מיך לאָזן גיין שלעפן שטיינער, עס איז צו שווער פאַר מיר. נו, גוט — איין טאָג וועסטו סאָרטירן און דעם צווייטן טאָג וועסטו קלייבן, וועט עס זיין גרינגער פאַר דיר.

איך האָב קוים דערצויגן ביז פרייטאָג האַלבן טאָג. איך בעט דעם בעל־הבית, ער זאָל מיר באַצאָלן פאַר די צוויי וואָכן. ער זאָגט מיר אָבער, אַז איך דאַרף אַרבעטן גאַנצע פיר וואָכן. מיט טרערן אין די אויגן בעט איך זיך ביי אים, אַז איך קען מער ניט אַרבעטן און ער זאָל מיר באַצאָלן פאַר דער דאָזיקער צייט. ער גיט מיר צוויי רובל און איך גיי אַהיים אַ פאַרמאַטערטער, אַ צעבראָכענער.

## איך ווער אַ שוסטער

מיר זיינען שוין צוריק אין שטעטל. דער ווינטער איז שוין אויך דאָ. וואָס הויבט מען אָן צו טון מיט מיר? שיקן מיך אין חדר, איז ניטאָ מיט וואָס צו צאָלן. דאַוונען קען איך, חומש מיט רש״י האָב איך שוין געלערנט, אַביסל תנ״ך אויך; וואָס נאָך דאַרף איך? אַ רב וועט מען פון מיר מאַכן? דער דלות פייפט אין אַלע ווינקעלעך. דער טאַטע איז שוין אין די זיבעציקער, די מאַמע איז שוין אויך גאָר ניט אַזוי יונג, דאַרף מען, הייסט עס, זוכן פאַר מיר אַ תכלית. לאָזן אים זיין אַ ווינט־מענטש, טראַכטן זיך די טאַטע־מאַמע, איז מען קיינמאָל ניט זיכער מיטן שטיקל ברויט. מלאכה איז גאָטס ברכה. איז וואָס לערנט מען אים? די מאַמע וואָלט גע־וואָלט עפּעס אַן איידעלע מלאכה — אַ זייגער־מאַכער אָדער

אַ גאָלדשמידט. אָבער וועגן אַזעלכע מלאכות קען מען אפילו ניט טראַכטן. זאָל איך ווערן אַ שוסטער? די מאַמע וויינט, דאָס וועט זי ניט דערלאָזן. אין איר משפחה זיינען קיין שוסטערס ניט געווען, אויך אפילו ניט קיין שניידערס. נאָר פונדעסטוועגן האָבן זיך טאַטע־מאַמע געאייניקט מיך אָפּצו־געבן פאַר אַ שניידער. גייט דער טאַטע אַוועק צו אברהמ־קען דעם שניידער, וויל ער מיך נעמען אויף דריי יאָר און גאָרניט צאָלן; דאָס ערשטע האַלב יאָר עסן אין דער היים, און ווייטער ביי אים עסן. וויל איך אָבער ניט. אינסטינק־טיוו האָב איך דערפילט שקלאַפעריי. איך וויל ניט גיין זיך פאַרדינגען אויף גאַנצע דריי יאָר. און קיין אַנדער מלאכה איז ניט געווען צו געפינען, איז די מאַמע אַוועק צו אברהם איצי דעם גאַרבער, האָט ער זיך פונאַנדערגעלאַכט — אַזאַ שוואַך יינגל ווי איך טויג ניט פאַר אַזאַ אַרבעט, דאָ דאַרף מען האָבן אַ געזונטן בחור. איז דערווייל געבליבן אַז איך זאָל פאָרן קיין שקאָפּישאָק. דאָרטן האָב איך געהאַט אַ ברודער פון מיין טאַטנס ערשטע ווייב, ער איז געווען אַ שוסטער. איך האָב געזאָלט בלייבן דאָרט איבערן ווינטער, און דער־נאָך וועט מען זען וואָס ווייטער צו טון. איך האָב ניט גע־האַט קיין חשק צו פאָרן, אָבער ס'האָט מיר ניט געהאָלפן. מיין ברודער איז געווען אַ גרויסער קבצן, געהאַט האָט ער דריי קינדער — צוויי יינגלעך מיט אַ מיידעלע פון אַ יאָר זיבן. האָט מען זי שוין פאַרדונגען אין דער פרעמד אויפצופאַסן אויף קינדער, כאָטש מען האָט נאָך געדאַרפט אויף איר אַליין אויפפאַסן. אַ שיין קינד איז זי געווען — אַ רונד פנימל מיט

צוויי חן-גריבעלעך, אַ שוואַרצינקע, פול מיט חן. אַזאַ עופעלע האָט שוין געדאַרפט דינען ביי פרעמדע מענטשן. קיין סך אַרבעט האָט מיין ברודער ניט געהאַט, פלעגט ער גיין מיט מיר איבער די דערפער אויף אַ גאַנצער וואָך. געגעסן האָבן מיר ברויט מיט בולבעס. מיין אַרבעט איז געווען גאָר אַ גרינגע: איך פלעג צוגרייטן דראַטווע, קלעפּן און שמירן. קיין סך האָב איך זיך ניט אויסגעלערנט. אין שטוב ביי אים איז מיר געווען נאָך ערגער ווי אין דאָרף. אין איין קאַמער זעקס מענטשן, איז געווען זייער ענג. דער ברודער מיינער איז אויסגעוואַקסן אָן אַ מאַמען; דער טאַטע האָט אויך פאַר אים קיין סך ניט געקענט טון; אַזוי אַרום איז ער אויסגע-וואַקסן ווי אַ קיילעכדיקער יתום. במילא האָט ער קיין גוטע דערציאונג ניט געהאַט, פלעגן טאַקע ניט פעלן קיין קרי-גערייען אין שטוב. די שוועגערין, דעם ברודערס ווייב, איז דוקא געווען זייער אַ וואוילע פרוי, זייער אַ גוטע, דערהויפּט אָבער אַ קלוגע. זי פלעגט דאָס ביטערע לעבן אַזוי אוים-מאַרקירן, ס'זאָל זיין ווי מעגלעך בעסער. איך האָב געוואָלט פאָרן אהיים, זי האָט אָבער ניט געלאָזן; זי האָט מורא גע-האָט עס וועט ווערן אַ רוגז צווישן איר און מיין מאַמען, ווייל זי האָט זייער ליב געהאַט. זי האָט זיך ביי מיר גע-בעטן: „שניאורל, זיי שוין ביז פסח, נאָך דעם וועסטו שוין פאָרן אהיים."

איך האָב אין דעם זעלבן שטעטל אויך געהאַט אַ שוועס-טער פון איין מאַמען, פרייטאָג אויף דער נאַכט פלעג איך צו איר גיין. איין מאָל קום איך צו איר ווען זי גייט צו קינד. איך

קריך אַרויף אויפן אויוון, אָבער לאַנג בלייב איך ניט דאָרטן, מען רופט מיך אַראָפּ פון דאָרטן. די באָבע בעט מיך: „שניאורל, זאָג תהילים, מלכה קען ניט געווינען.״ זאָג איך תהילים, אָבער מיין תהילים העלפט ניט. גייען מיר אין שול זאָגן תהילים, אפשר וועט עס העלפן. מען גייט אויפן פעלד, אָבער איך גיי ניט — איך בין אַ כהן. אָבער דאָס גיין אויפן פעלד האָט אויך ניט געהאָלפן. האָט מען געבראַכט אַ דאָקטאָר, נאָר ווען דער דאָקטאָר איז געקומען, האָט מיין שוועסטער שוין געהאַט געבוירן אַ טויט מיידעלע פון צען פונט.

## אַ פאַרשטערטער פסח

איך האָב גענומען ציילן די טעג צו פסח. קוים זיך דערוואַרט. אַ טאָג פאַר פסח, אָבער מענדקע דער פורמאַן פאָרט ניט קיין קופּישאָק ערב פסח, דאַרף מען גיין צופוס. עס איז אַ פּופּצן וויאָרסט ווייט. עס גיסט אַ רעגן, אָבער עס העלפט ניט, מען מוז גיין. די שווער־עריין פאַרפּאַקט מיינע זאַכן אין אַ זעקל, גיט מיר מיט עפּעס עסן. איך פאַרקאַטשע די פאָלעס מעשה גרויסער מענטש, נעם אַ גרויסן שטעקן אין האַנט און לאָז זיך אין וועג אַריין. די הויפּט־שוועריקייט איז געווען דורכצוגיין די צוויי גרויסע דערפער מיט די הינט. איך בין דורכגעגאַנגען בשלום און געקומען אַהיים אַ דורכגעווייקטער און אַן אויסגעמאַטערטער. די מאַמע האָט זיך מיט מיר שטאַרק דערפרייט.

קיין ניי בגדל האָב איך אויף פּסח ניט געהאַט, דאָס האָט מיך שטאַרק געקרענקט און איך האָב זיך געשעמט צו גיין אין שול אַריין; אַלע קינדער אין מיין עלטער האָבן געהאַט נייע בגדים. דער פּסח איז פאַר מיר געווען אַ פאַרשטערטער.

איך בין שוין עלף יאָר אַלט. וואָס טוט מען ווייטער? גיין נאָך אַמאָל צום ברודער וויל איך ניט. איין האַלבן זומער וועל איך אַרבעטן אין גאָרטן, דעם צווייטן — ביים טאַטן. איך וועל נעמען 25 קאָפּיקעס אַ טאָג. קיין 25 קאָפּיקעס האָב איך ניט געקראָגן, מען האָט מיר געגעבן נאָר 20 קאָפּיקעס פאַר זעכצן שעה אַרבעט אַ טאָג. אָפּגעאַרבעט האָב איך זעקס וואָכן. די אַרבעט האָט מיך אַזוי אויסגעמאַטערט, אַז מער ווי זעקס וואָכן האָב איך ניט געקענט אויסהאַלטן. שפּעטער בין איך מיט די עלטערן אַוועק אין דאָרף. דער טאַטע האָט מיר צוגעזאָגט, אַז אויב עס וועט זיין אַ גוטער זומער, וועט ער מיר אויפן ווינטער מאַכן אַ נייעם מאַנטל מיט אַ פּאָר שטיוועלעך. איך האָב געהאָפּט אויף אַ גוטן זומער.

## איך פאָר קיין ליבאַווע

גלייך נאָך יום־טוב בין איך אָנגעקומען צו קלמן דעם שוסטער. באַדונגען זיך אויף אַ יאָר מיט אַ האַלבן. פאַרן לעצטע האַלבן יאָר האָט ער מיר באַדאַרפט געבן צען רובל. קלמן איז געווען אַ ייד אַ פאַרוואַקסענער מיט אַ גרויסער קאַלטענעוואַטער באָרד, מיט לאַנגע פּאות. געווען איז ער אַ יאַדישליוועך, געהאַלטן אין איין הוסטן.

געווײנט האָט מען אין איין קאַמער, וואָס איז געווען איבערגעטיילט מיט אַ פאָרהענגל. איך בין געשלאָפן אויפן וואַרשטאַט. קלמן האָט געהאַט צוויי קינדער — איינס פון צוויי יאָר, דאָס צווייטע — זעקס חדשים. זיין ווייב, ריווע, איז ביי אים געווען שוין די צווייטע, און דווקא ניט קיין גע־ראָטענע. איך פלעג דאַרפן טון אויך שטוב־אַרבעט — וויגן דאָס קינד, גיין אַ גאַנג, אויסגיסן די פּאָמייניצע, און בכלל טון אַלצדינג אין הויז. גאַנץ אָפט האָב איך געדאַרפט טראָגן דאָס קינד אויפן האַנט — און דאָס איז געווען פאַר מיר די ערגסטע זאַך. איך האָב געוואָרט מיר זאָלן שוין אָנהויבן צו גיין אויפן דאָרף נייען, אַבי פּטור ווערן פון דער בעל־הביתטע מיט די קינדער. איין מאָל ווען מיר זיינען געקומען פון דאָרף — עס איז שוין געווען דריי וואָכן פאַר פּסח — זיינען מיר מיט דער בעל־הביתטע געגאַנגען אין מאַרק אַריין קויפן בולבעס. איך טראָג אַ גאַנץ זעקל מיט בולבעס, איך פאַל אַריין מיט דעם אין אַ טיפער בלאָטע און די בולבעס צעשיטן זיך. איך קען זיך ניט אויפהויבן, אָבער די בעל־הביתטע, לא די וואָס זי העלפט מיר ניט, פאַלט זי אָן אויף מיר און הויבט מיך אָן צו בריקן: סטייטש, איך האָב אויסגעשאָטן אירע בולבעס אין דער בלאָטע. די גויים, וואָס שטייען דערביי, שרייען אויף איר פאַרוואָס זי שלאָגט מיך; אַ פּאָר יידישע פרויען דערזעען ווי זי שלאָגט מיך — ראָכע־שיפרעס יינגל — האָבן אויך אויף איר אָנגעהויבן צו שרייען. איך בין שוין צו קלמנען דעם שוסטער צוריק ניט געגאַנגען. איך בין אַוועק אַהיים, אָבער די טיר איז געווען פאַרשלאָסן, בין

איז אַריינגעקראָכן דורכן דאַך. איך בין געווען אינגאַנצן אַ צעקלאַפּטער, אַ צעביילטער, בין איך אַריינגעקראָכן אין בעט און איינגעשלאָפן. ווען די מאַמע איז געקומען אַהיים, האָב איך איר דערציילט וואָס מיט מיר האָט פּאַסירט. ניין! מער וועסטו שוין ניט גיין צו קלמנען, האָט זי מיר געזאָגט.
עס איז שוין געווען נאָענט צו פּסח. די מאַמע גייט אַרבעטן אין אַ פּאָדריאַד — וואַלגערן מצות — בעט איך איר, זי זאָל דאָרט קריגן פאַר מיר אויך עפּעס צו טון. איך וואָלט וועלן זיין אַ רעדלער. די מאַמע רעדט אָפּ מיטן פּאָדריאַטשיק, פאַר דריי רובל זאָל איך דריי וואָכן האַלטן די „מערע". אַזאַ אַרבעט געפעלט מיר ניט, איך בין שוין דאָך אַ גרויס יינגל! אַרבעטן אין אַ פּאָדריאַד איז זייער שווער, מ'דאַרף אַרבעטן טאָג און נאַכט. דערפאַר אָבער איז דאָרט זייער פריילעך — אַלע ווײַלע קומען נייע מענטשן, מען קריגט ביר-געלט, מילך מיט בייגל — מיט איין וואָרט, ס'איז דאָרט לעבעדיק.
אויף פּסח האָט מען מיר געקויפט נייע בגדים. אָט דער פּסח איז שוין ביי מיר געווען אַ יום-טוב, אַביסל פרייד אין מיין פאַרהאָרעוועטן לעבן — איך שפּיל אין נים און פריי זיך מיט די נייע מלבושים. דער פּסח גייט אַוועק, שטעלט זיך ווידער די פראַגע: וואָס טוט מען ווייטער? איך קען שוין אַביסל אַרבעטן ביי אַ שוסטער, וויל איך אָנקומען צו אברהם דעם שוסטער. ער האָט געהאַט אַ גרויסן וואַרשטאַט און איז געווען זייער אַ גוטער שוסטער, האָב איך געהאָפט אויך צו ווערן אַ גוטער בעל-מלאכה. באַדונגען זיך מיט אים אויף צוויי יאָר, אָבער צום וואַרשטאַט אַרבעטן האָט מען מיך ניט

צוגעלאָזט. נאָך דריי חדשים, פרעג איך דעם בעל־הבית:
„סטייטש, וואָס וועט זיין, ווען וועל איך אָנהויבן זיך לערנען
אַרבעטען”? זאָגט מיר דער בעל־הבית: „אַ האַלב יאָר
מוזטו גיין אַ גאַנג, און דערנאָך וועלן מיר זען.” מיר איז
דאָס שטאַרק ניט געפעלן געוואָרן.

אין ליבאַווע האָב איך געהאַט צוויי שוועסטער, אפשר
גאָר פאָרן אהין צו זיי? גוט, זיי הייסן קומען. די מאַמע
איז זייער צעטראָגן — דאָס איינציקע קינד, וואָס זי האָט דאָ
ביי זיך, וועט פאַרוואָגלט ווערן פון דער היים. ווען וועט זי עס
נאָך אַמאָל זען? גרויסע טרערן גיסן זיך איבער אירע ראָזע
באַקן. איך טרייסט זי: ”מאַמענקע, איך וועל דיר שרייבן.
איך בין דאָך דאָרט ניט אַליין, איך האָב צוויי שוועסטער,
זאָרג ניט.” די מאַמע גרייט מיר צו די זאַכן אין וועג אַריין.
איך לאָקיר אָפּ מיינע שטיוועלעך, זיי גלאַנצן; אַ גלאַנציקן
קאַריזאָק האָב איך אויך — אַ פאַלנער ציגיינער. פאַר לי־
באַווע פאַסן גראָד די קליידער ניט, נאָר ווער האָט דאָס גע־
וואוסט? אין ליבאַווע האָב איך די בלאַנקע זאַכן טאַקע
געמוזט אַוועקוואַרפן.

דער טאַטע גיט מיר מיט אַ פּאָר תפילין. מיט טרערן
אין די אויגן בעט ער מיך: „מיין קינד, אין אַ יאָר אַרום
ווערסטו בר־מצוה, פאַרגעס ניט מיין קינד!” און ער צעוויינט
זיך. „זיי אַ ייד, מיין קינד, פאַרגעס ניט קיין יידישקייט,
גיי ניט אַראָפּ פון דעם גלייכן וועג.” אַלע דריי וויינען מיר.
איך האָב קיינמאָל מיין טאַטן ניט געזען אַזוי האַרציק וויינען.

מיר פאָרן צו דער באַן, דאָס געזעגענען זיך מיט טאַטע־מאַמע איז פאַר מיר געווען זייער שווער.

## מיין בר־מצוה

איך זיץ אין וואַגאָן, די באַן לויפט. דאָס ערשטע מאָל פאַרלאָז איך מיין היים, איך בין שטאַרק צעטומלט. מיט אַמאָל דערזע איך שימקע מייקע די בולקעס, אַ זשוליק פון אונזער שטעטל — גענוג קלעפּ האָב איך געקראָגן פון אים. מיט אַ זעץ אין דער זייט האָט ער ביי מיר צוגענומען דאָס פּעקל עסן. אַ גאַנצן טאָג בין איך געבליבן אָן עסן, די באַן איז אָנגעקומען קיין ליבאַווע ערשט צוועלף אַזייגער ביי־נאַכט. אַזוי פיל ליכט, אַזאַ העלע באַלייכטונג — אַזוינס האָב איך נאָך ניט געזען אין מיין לעבן. אַ צעשראָקענער, אַ פאַר־לוירענער גיי איך אַרום פון וואַגאָן מיט מיין פּעקל. איך זע קיינעם ניט פון מיינע קרובים אויפן וואקזאַל, איך בלייב שטיין אַ פאַרלוירענער. איך באַמערק, אַז אַ פריילין גייט אַרום הין און צוריק. ס׳איז קענטיק, זי זוכט אימעצן. איך ווייס ניט ווער דאָס איז. מיינע שוועסטער האָבן מיך גע־דאַרפט אָפּוואַרטן. וואו זיינע זיי? איך וויל וויינען, נאָר איך שעם זיך. אין אַזאַ גרויסער שטאָט, וואָס וועט זיין מיט מיר? מיט אַמאָל הער איך ווי מען שרייט: „אנע, אנע, אָט איז ער!” אַ קוזינע, וואָס איז מיט אַ יאָר צוריק געווען ביי אונז אין דער היים, האָט מיך דערקענט. מען קושט מיך פון אַלע זייטן. די יינגערע שוועסטער איז אויך צוגעלאָפן,

איך האָב זי ניט דערקענט — אַזאַ שיינע, אַזאַ הויכע, מיט אַזוינע שיינע קליידער. די עלטערע שוועסטער פרעגט מיך: „שניאורל, דו דערקענסט מיר ניט?" „ניין, איך דערקען דיך ניט." „איך בין דאָך חיה־ריווע." יאָ, איך ווייס דעם נאָמען. „ווילסטו עסן?" יאָ, מען האָט ביי מיר צוגענומען דאָס עסן. מען קויפט מיר שאָקאָלאַד מיט קוכן, איך שטיל מיין הונגער, און מען פירט מיך אַריין אין אַ שיינעם וואַגאָן — זיי זאָגן מיר, אַז דאָס איז אַן עלעקטרישער וואַגאָן. איך ווייס ניט וואָס דאָס מיינט. קיינמאָל ניט געהערט אַזעלכע ווערטער. מיר פאָרן אין שטאָט אַריין. קיין אייגענע דירה האָבן זיי ביידע ניט געהאַט, זיי האָבן קוים נאָר אַ נאַכט וואו איבער־צושלאָפן. וואו וועל איך שלאָפן? „זאָרג ניט, דו וועסט נעכטיקן ביי אונזערן אַ פריינד, ביי פריידען." פריידע וואוינט אויף אַ בוידעם־שטיבעל — אַ לאַנגער געבויגענער צימער. מען לייגט מיך שלאָפן אין אַ ווינקל. איך בין זייער מיד פונם וועג, ווער איך איינגעשלאָפן ווי אַ דערהרגעטער.

אויף מאָרגן אין דער פרי זע איך לעבן פענסטער שטייט אַ שוסטער־וואַרשטאַט. איך האָב מורא, טאָמער וועל איך דאַרפן דאָ אַרבעטן. פריידעס מאַן, אַ קליין דאַר מענטשעלע, אָן אַ באָרד, רויכערט אַ ליולקע. אויפן וואַרשטאַט שטייט אַ פלעשל בראָנפן און ער האַלט אין איין זופן. פריידע מוז אַלע ווײַלע צו אים צוגיין, ער גיט איר אַ פּאַטש אין ווייכן אָרט, ער לאַכט און האָט דערפון גרויס הנאה. מיך עקלט דערפון. ווי יונג איך בין, דערקען איך דאָך, אַז ער איז ניט נאָרמאַל. אין גאַס דערציילט זי מיר, אַז זי איז אַריינגע־

פאלן — ער איז א שיכור — עס איז שלעכט! איך וואלט ניט געוואלט ביי אזא בעל־מלאכה ארבעטן. זאגט זי מיר: „ניין, ניין, דו וועסט ביי אים ניט ארבעטן. איך וועל דיר געפינען א גוטע שטעלע." זי פירט מיך ארײן אין א שיינע הויז, צו א הער שטוסער. „איך האב פאר אייך אן ארבעטער, ערשט געקומען פון זאמעט." ער באטראכט מיך און פרעגט מיך: „ווי אלט ביסטו?" 12 יאר. „שוין געארבעט ביי א שוסטער?" יא. „ווי לאנג?" איין יאר. איך רעכן אים אוים וואס איך קען. „אויב אזוי, ביסטו שוין א גאנצער מייסטער. איך וועל זען וואס דו קענסט, דאן וועלן מיר זען וואס צו טון." פריידע זאגט אים, זי וועט מארגן קומען, איך דארף זיך א טאג אפרוען. מיר געזעגענען זיך און מיר גייען אוועק.

אויף מארגן גייט מיט מיר מיין עלטערע שוועסטער צום שוסטער און זי רעדט אפ מיט אים פאר 40 רובל א יאר. איך בלייב ארבעטן. איך נעם זיך מיט גרויס חשק צו דער ארבעט. שפעטער בעט איך דעם בעל־הבית, ער זאל מיך אויסלערנען מאכן די זאגאטאוועקעס. ער זאגט מיר צו, אבער ער האלט קיין ווארט ניט. איך ארבעט מיט מיין גאנצער ענערגיע. איך לויף אמאל א גאנג פאר די ארבעטער, כדי זיי זאלן מיך לערנען ארבעטן. מען גיט מיר שוין מאכן קינ־דערשע שיכלעך.

די שטאט איז גרויס און שיין. שבת ווייס איך ניט וואוהין פריער צו לויפן: צום האפן, וואו עס גייען אפ די שיפן; צום ים, וואו מען באדט זיך; צי אין קורהויז, וואו עס

שפּילט מוזיק. היינט די שיינע גערטנער, די קאַזאַרמעס, דער פּלאַץ וואו מען מושטירט די סאָלדאַטן. וואו מען וואַרפט אָן אויג, איז דאָ וואָס צו זען. פאַר מיר, דעם קליינשטעטלדיקן בחורל, איז אַלץ אַ נייס.

קומט אָבער די וואָך איז ביטער, מען הויבט אָן צו אַר־בעטן פינף אין דער פרי ביז די זון פאַרגייט, און מען אַרבעט שווער. איך האָב קיין כוח ניט צו עסן וועטשערע, אַזוי מיד בין איך — און גראַד איז דאָס עסן דוקא גוט. זומער איז געווען נאָך צו דערליידן, אָבער ווינטער איז געווען זייער שלעכט. געשלאָפן בין איך אין אַ קאַלטן צימער, וואו מען האָט געהאַלטן דאָס לעדער. בעת ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן די פרעסט בין איך ממש פאַרפרוירן געוואָרן. מיט וואָס זיך צודעקן איז אויך ניט געווען, בלויז אַ מאַנטעלע און אַ פּאָר שמאַטעס, און דאָס האָט ניט געוואַרעמט. אין צימער, וואו מען האָט געאַרבעט, זיינען געשלאָפן די עלטערע געזעלן. איך האָב גענומען הוסטן און פלעג ביינאַכט ניט קענען צומאַכן קיין אויג. געאַרבעט האָב איך זייער שווער. אין דער וואַרעמקייט פלעגט אויף מיר אָנפאַלן אַ שלאָף. איך פלעג אַלע ווײַלע אַרויסלויפן אין הויף אַריין, זיך אָנשפּאַרן אין אַ ווינקל, צומאַכן די אויגן און איינדרימלען, און דערמיט האָב איך זיך נאָך מער צוגעקילט. איך האָב אַזוי שטאַרק גע־הוסט, ביז איך האָב אָנגעהויבן צו שפּייען מיט בלוט. איך בין אַוועק צו מיין שוועסטער און איר דערציילט די גאַנצע מעשה. זי איז געגאַנגען מיט מיר צו אַ דאָקטאָר. דער דאָקטאָר באַטראַכט מיך, שאָקלט מיטן קאָפּ, און זאָגט צו

דער שוועסטער: „יאָ, ער איז קראַנק; ער טאָר ניט אַרבעטן, מוז האָבן אַ לופטיקן צימער וואו צו שלאָפן", און ער גיט מיר מעדיצין. וואָס טוט מען? צו שלאָפן איז ניטאָ וואו, ביי פריידען איז אויך ניטאָ קיין אָרט. מיר גייען צו מיין בעל־הבית. אָבער ער האָט אויך קיין וואַרעמען אָרט פאַר מיר צום שלאָפן. ער גיט אונז פינף רובל פאַרן דאָקטאָר מיט מעדיצין און מיר גייען אַוועק. מיר זיינען ביידע פאַר־צווייפלט. די שוועסטער אָבער כאַפּט זיך באַלד, אַז אפשר ביי דער פרוי קאפּלאַן וועל איך קענען נעכטיקן. די פרוי קאַפּלאַן — זייער אַ גוטע, האַרציקע פרוי — איז מסכים גע־ווען, און האָט מיר אָנגעוויזן אויף אַ קאַנאַפּקע, וואו איך וועל קענען שלאָפן. די שוועסטער ברענגט מיר מעדיצין. פון אַלעם גוטן צום עסן, גיט מיר די פרוי קאַפּלאַן ע"ה. איך האָב זיך גענומען בעסערן. ווען ניט יענער מערדערלעכער שוסטער, וואָלט איך אפשר היינט ניט געשריבן די שורות אין אַ ט. ב. סאַנאַטאָריום צו 67 יאָר.

אַז מיר איז געוואָרן אַביסל בעסער, האָב איך ווידער גענומען זוכן אַרבעט. די מלאכה האָב איך שוין אַביסל געקענט, האָט מען מיר שוין געגעבן 50 רובל אַ יאָר. אין וואַרשטאַט האָבן געאַרבעט פינף אַרבעטער, אַ געמיש פון נאַציאָנאַליטעטן. געשיכורט האָבן אַלע. זייער שפּראַך איז געווען אַ שוידערלעכע, בפרט פאַר מיר, אַ יינגל, איז זי גע־ווען צו שמוציק. זיי האָבן זיך גאַנץ אָפט אַרומגעשלעפּט מיט פּראָסטיטוטקעס און פלעגן ניט קומען רעגולער צו דער אַרבעט. די אַרבעטער פלעגן זיך אָפט בייטן, אָבער קיין

בעסערע זיינען ניט געקומען.

אָט גייט שוין באַלד אַוועק דער ווינטער, ס'איז שוין פורים, אינגיכן דאַרף איך שוין ווערן בר־מצוה. איך גיי צו דער שוועסטער פרעגן, וואָס זאָל איך טון. נאָר וואָס ווייסט אַ מיידל? הייסט זי מיר פרעגן דעם בעל־הבית, און ער ווייזט מיר אָן אויף אַ שולעכל. איך דערצייל דעם שמש, אַז איך דאַרף ווערן בר־מצוה, הייסט ער מיר קומען דאָנערשטאָג אין שול אַריין. איך ברענג מיט זיך מיט די תפילין, מ'רופט מיך אויף צו דער תורה, איך מאַך אַ ברכה, און איך דערפיל מיין גרויסע עלנט און צעוויין זיך . . . אָט אַזוי בין איך געוואָרן אַ פאָלגער ייד.

## איך ווער אַ קעמפער

עס ווערט שוין באַלד אַיאָר ווי איך בין אין דער גרויסער שטאָט. איך פיל אין מיר קומט פאָר אַן איבערבראָך, נייע געדאַנקען און עפּעס אַנדערע פאַרלאַנגען קומען אויף. קיין קלאָרן חשבון קען איך זיך אַליין ניט אָפּגעבן, אָבער רואיק בין איך פאָרט ניט.

דער בעל־הבית האָט צוויי זין: דער עלטערער איז אַ פריקאַזטשיק אין אַ געשעפט, דער יינגערער גייט נאָך אין אַ שול. איך זע ביי אים רוסישע און דייטשע ביכער. איך וואָלט אויך געוואָלט קענען לייענען און שרייבן, איך קען אָבער גאָרניט. איך זע אַלע אין דער פרי גייען קינדער מיט ביכער אין דער שולע. איך בין זיי מקנא. דאָ אין וואַר־

שטאַט זיין איך מיט אַזוינע פאַרדאַרבענע גראָבע מענטשן — וואָס וועט פון מיר ווערן? וועל איך אויך אָנהויבן צו טרינ־קען, ריידן אַזעלכע מיאוסע רייד און זיך אויפפירן אַזוי ווי זיי? אין אָוונט פרעג איך ביי דעם עלטערן זון, דעם פּרי־קאַזטשיק, וואו קען מען קריגן אַ יידישן בוך. יידיש האָב איך געקענט לייענען. פון אים דערוויס איך זיך, אַז ס'איז דאָ אַ קרוין־שולע, וואו ביינאַכט לערנט מען מיט דערוואַק־סענע און מען גיט זיי אויך אַרויס ביכער צום לייענען.

שבת בין איך אַוועק אין דער קרוין־שולע. מען הייסט מיר קומען אין אָוונט. וואָס זאָל איך טון, אַז שבת אויף דער נאַכט אַרבעטן מיר. איך לייג דאָס אָפּ אויף שפּעטער מיט אַ וואָך. איך וועל בעטן דעם בעל־הבית, ער זאָל מיך אָפּ־לאָזן פון דער אַרבעט. קומענדיקן שבת אויף דער נאַכט לויף איך אין דער קרוין־שולע און איך באַקום אַ יידישן בוך צום לייענען. עס איז שוין אַ וואָך צו פּסח, און זומער לערנט מען ניט, אָבער ביכער צום לייענען וועל איך קריגן. איך געדענק ניט דעם נאָמען פונם ערשטן בוך, נאָר געלייענט האָב איך אים אפשר צען מאָל. לייענען האָב איך געקענט נאָר ביינאַכט אויף מיין געלעגער — איך האָב געקליבן שטיקלעך ליכט און ביי זייער שיין האָב איך געלייענט. דער אַרבעטס־טאָג איז געווען אַ לאַנגער און כדי איך זאָל קענען מער לייענען, בין איך ווייניקער געשלאָפן. שבת אין דער פרי בין איך געגאַנגען אין קאָר־שול דאַוונען און נאָכן עסן בין איך געגאַנגען אין זאמעטער בית־המדרש הערן דעם מעל־זער רב „זאָגן". ער איז געווען אַ גוטער רעדנער, ער האָט

גערעדט מיט הארץ און נשמה. איין שבת האָט ער גערעדט וועגן די יונגע קינדער, וואָס קומען אַהער פון די קליינע שטעטלעך, און גייען דאָ אַראָפּ פונם גלייכן וועג און הערן אויף צו גלויבן אין גאָט. נאָך אַזאַ רעדע האָב איך גע־שוואוירן ניט אויפהערן צו גלויבן אין גאָט.

אין אַ פרייטאָג, ווען מיר לייגן די אַרבעט אוועק פריער, גיט מיר דער בעל־הבית צו מאַכן אַ פּאָר „סקאַראַכאָדן" (זומער־שיך). אויב איך וועל באַווייזן צו ענדיקן זיי באַ־צייטנס, וועל איך קריגן טרינק־געלט. די אַרבעטער אין וואַרשטאַט דערהערנדיק אַזאַ מעשה, מאַכן זיך פריילעך און ווערטלען זיך אויף מיין חשבון: היינט ווער איך אַ לייט . . . געענוג צו זיין אַ קינד. מיך אָבער שרעקן זייערע ווערטלעך, איך פאַרשטיי שוין וואָס זיי מיינען. די אַרבעט האָב איך פאַרענדיקט און געקראָגן די צוגעזאָגטע 25 קאָפּיקעס טרינק־געלט. נאָכן אָוונט־ברויט שלעפּן מיך די אַרבעטער איך זאָל גיין מיט זיי. איך בעט זיך ביי זיי — לאָזט מיך אָפּ, איך וויל גיין צו מיין שוועסטער — אָבער ס׳העלפט ניט. זיי פירן מיך צום היי־מאַרק, איך האָב זיך שוין געענוג אָנגעהערט וועגן דעם שענדלעכן פּלאַץ און איך ריים זיך מיט אַלע כוחות אוועקצוגיין פון זיי, אָבער ס׳העלפט ניט. אָט זע איך שוין די הייזלעך מיט די רויטע לאַמטערנעס . . . מען האָט מיך אַריינגעטראָגן אַהין — מוזיק שפּילט, די לופט איז אָנ־געפילט מיט שיכרות, זנות, די מיידלעך מאַכן חוזק פון מיר. איינע פון זיי, מיט אַ הייזעריקער שטימע, שרייט צו זיי: „לאָזט אים אָפּ!" איך בין אַנטלאָפן ווי פון אַ פייער.

ווייטער דאָרטן אַרבעטן, אַרבעטן מיט די אויסוואורפן, האָב איך ניט געקענט, ספּעציעל נאָך יענעם פרייטאָג־צו־נאַכטס. איך האָב עס דערציילט מיינעם אַ באַקאַנטן, האָט ער מיר צוגעזאָגט צו קריגן אַרבעט אין אַן אַנדער וואַרשטאַט, ביי אַן אנשטענדיקן מענטשן. אין אַ וואָך אַרום האָב איך אָנגעהויבן צו אַרבעטן ביי דעם הער שאַפּפּער. דאָ אין וואַרשטאַט האָב איך געפונען איינעם פון די אַרבעטער גאָר אַן אַנדער מענטש — אַ שטילער, אַ פאַרטראַכטער און רעדט זייער אנשטענדיק. דאָס איז אין יענער צייט געווען אַ זעלטנקייט ביי די שוסטער־אַרבעטער. איך האַלט זיך שטענדיק לעבן אים, און ער דערקענט אין מיר אַן אַנשטענדיקן בחורל. ער רעדט אָפט מיט מיר וועגן אונזער שלעכטער לאַגע. ער צינדט אָן אַ פייערל אין מיין נשמה. איך לאָז אים שוין ניט רוען, איך וויל וויסן עפּעס מער, אָבער ער אַליין איז נאָך אַ רויער. ער זאָגט מיר צו קומענדיקן שבת צו באַקענען מיך מיט אַן אַנדער בחור, וואָס ווייסט מער.

איך וואַרט מיט אומגעדולד אויפן שבת. ער באַקענט מיך דאָן מיט יאַקאָב דעם מאַלער, אַן עלטערער בחור פון מיר. יאַקאָב הויבט מיך אָן אויסצופרעגן: ווי אַלט בין איך? ווי גרויס איז דער אַרבעטס־טאָג ביי אונז אין וואַר־שטאַט? צי ווילן מיר פאַרבעסערן אונזער לאַגע? געוויס, ענטפער איך אים. מיר טרעפן זיך מיט אים נאָך אַמאָל. איך פאַרלויף אים שוין דעם וועג און הויב אָן אים צו אַגיטירן. ער זאָגט מיר צו, ער וועט מיך באַקענען מיט מאָטל דעם ווילנער, אַ דאַמען־שניידער, אַ בחור פון אַ יאָר צוואַנציק.

מאָטל פאַרהערט מיך, וואָס איך ווייס. איך נעם אים אָגי־טירן, אַז די אַרבעטער דאַרפן זיך פאַראייניקן און קעמפן פאַר אַ קירצערן אַרבעטס־טאָג און גרעסערע שכירות. איך זע, אַז ער קלייבט נחת פון מיר. „ווי וואָלט געווען, מען זאָל דיך אַרעסטירן און מען זאָל נעמען ביי דיר פרעגן, מיט וועמען קענסטו זיך, וועסטו דערציילן?‟ „מען דאַרף זיין קאָנספּיראַטיוו,‟ זאָגט ער מיר אָן. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן, וואָס איך האָב געהערט דאָס וואָרט קאָנספּיראַטיוו. ביי אַ צווייטער באַגעגעניש גיט ער מיר שוין אַ ביכל, געדרוקט אויף זייער דין פּאַפּיר. דאָס איז געווען „די מעשה פון פיר ברידער‟. ער זאָגט מיר אָן, אַז איך זאָל דאָס ביכל היטן. איך האָב „די מעשה מיט די פיר ברידער‟ געלייענט אַ סך מאָל.

## מיין לעצטער יום כפור

מיט וואָכן שפּעטער, אויף טאַמאַן שטראַסע, אין אַ הויף. אין אַ האַלב־פינסטערן צימער זיינען מיר פינף יינגע בחורים. מאָטל מיט אַ מיידל זיינען אויך דאָ. איר נאָמען זאָגט מען אונז ניט אוים. זי האַלט אַ רעדע וועגן קאָנספּיראַציע און לייענט פאַר אונז פאַר דעם אוסטאַוו. מיר צאָלן איין צו 25 קאָפּיקעס און מיר ווערן מיטגלידער פון דער אָרגאַניזאַציע; די ליבאַווער אָרגאַניזאַציע איז נאָך דעמאָלט ניט געווען איינגעשלאָסן אין „בונד‟.

איך לייען זייער פיל אין דער צייט, און אין דער זעלבער

צייט הויבט מיך אָן צו מאַטערן דער געדאַנק וועגן גלויבן אין גאָט. איך כאַפּ זיך נאָך אַריין פון צייט צו צייט אין שול דאַוונען. אָט זיינען שוין די ימים-נוראים. איך דאַוון נאָך אַלץ זייער געשמאַק, אָבער איך פיל שוין אַז עס נעמט אויסרינען מיין גלויבן. פאַרוואָס, קען איך זיך ניט אָפּגעבן קיין חשבון. דער געדאַנק וועגן רעליגיע מאַטערט מיך זייער שטאַרק. יום-כפור שטיי איך אין בית-המדרש און דאַוון, קומט צו משהקע דער פּאָנעוועזשער און רופט מיך:

— „קום, עס איז דאָ אַ רעדנער."

— „וואָס עפּעס היינט? יום-כפור?"

— „וואָס, דו דאַוונסט?"

איך שעם זיך, איך בויג אַרונטער דעם קאָפּ:

— „וואָס, מען טאָר ניט?"

— „קום, דער רעדנער וועט דיר פאַרענטפערן אַלע פראַגעס."

מיר גייען אַרוים הינטערן שטאָט. משהקע פאַררויכערט אַ פּאַפּיראָס. איך קער זיך אום צוריק.

— „וואָס איז מיט דיר? וווהין גייסטו?"

— „זעסטו, דאָס קען איך שוין ניט פאַרטראָגן. רויכערן אום יום-כפור! דאָס טאָר מען ניט. מילא, עסן, איז נאָך ווי ס'ניט איז, אָבער רויכערן, איז אַ פאַרברעכן."

— און דו פאַסטסט?" פרעגט מיך משהקע.

— „אַוודאי פאַסט איך, וואָס דען?"

משקהקע מאַכט חוזק פון מיר: „אַ שיינער סאָציאַליסט ביסטו! דו פאַסט און דאַוונסט."

איך גיי צו דער פאַרזאַמלונג. דאָס איז געווען שוין מיין לעצטער יום־כפּור וואָס איך בין געגאַנגען אין שול אַריין.

צו דער פאַרזאַמלונג זיינען געקומען אַ פּופציק מענטשן. דער רעדנער איז געווען ישראל־מיכל קאַפּלינסקי — דער טרויעריק באַרימטער פּראָוואָקאַטאָר. אָט שטייט ער נאָך איצטער פאַר מיינע אויגן מיט זיין בלאָנדן בערדל און מיט די וואַסערדיקע אויגן. גערעדט האָט ער אָן באַגייסטערונג, אָן האַרץ און אָן נשמה. ער האָט אונז אָפיציעל אַריינגענומען אין „בונד".

## איך ווער אַן אַגיטאַטאָר

מיט מיין גאַנצן ברען הויב איך אָן אַגיטירן פאַר אַ קירצערן אַרבעטס טאָג. דער בעל־הבית, דערוויסנדיק זיך וועגן דעם, הייסט מיר פאַרלאָזן די אַרבעט, און דאָס רופט אַרויס אַ סטרייק — דער ערשטער סטרייק ביי די שוסטערס אין ליבאַווע. מיר פאַרלאַנגען אַ 10־שעה אַרבעטס־טאָג און שטעלן אַרויס נאָך אַנדערע פאָדערונגען. דאָס איז געווען ווירקלעך אַ רעוואָלוציע אין שוסטער־פאַך. דער סטרייק איז געווען זייער אַ שווערער — מען האָט געשלאָגן סטרייקברעכער, געבראָכן פענסטער און געשלאָגן דעם בעל־הבית. דער סטרייק האָט געדויערט צוויי וואָכן צייט און דערנאָך זיינען מיר געקומען צו אַ פאַרשטענדיקונג. דער בעל־הבית גיט נאָך אַלע פאָדערונגען, נאָר מיך וויל ער ניט לאָזן צוריק

גיין אַרבעטן. „אַט דער קליינער יאפּפּע", זאָגט ער, „האָט אָנגעמאַכט אַלע צרות." די אַרבעטער ווילן אָבער דערויף ניט איינגיין. מיר סטרייקן נאָך אַ וואָך, און מיר געווינען אויף די לעצטע פאָדערונג: ער נעמט מיך ווידער אַריין. מען סטראַשעט מיך, אַז מ'וועט מיך מאַסערן, מען וועט מיך אַרעסטירן. דערצו האָב איך ניט קיין וואוינרעכט אין ליבאווע, מוז איך פאַרלאָזן די שטעלע. קריגן אַרבעט איז ניט אַזוי גרינג, קוים געפין איך אַן אַנדער שטעלע אין אַ זייטיקן געגנט. און ווידער די זעלבע מעשה — אין עטלעכע וואָכן אַרום סטרייקן מיר ווידער פאַר אַ 10-שעהדיקן אַרבעטס-טאָג. איך בין שוין אַזוי באַקאַנט אין פאַך ווי אַן אַגיטאַטאָר, אַז ס'איז מיר שווער צו קריגן אַרבעט.

איין עפּיזאָד וויל איך נאָך פאַרצייכענען, איך בין ווידער פאַרוויקלט אין אַ סטרייק אין דער זע-שטראָסע, אין רעכטן מיטן שטאָט. איך סטרייק איינער אַליין. אין מיטן העלן טאָג וואַרפט איך אַ שטיין אין פענסטער, אַ גאָראָדאָוואָי (פּאָליסמאַן) לאָזט זיך לויפן נאָך מיר. איך לויף איבער מיינע כוחות — איך מוז דורכשניידן קאָרן-שטראַסע. דערנאָך וועלן זיי מיך שוין ניט קענען כאַפּן צוליב די קליינע געדרייטע געסלעך, וואו איך וועל קענען פאַרשווינדן. מיט אַמאָל קומט מיר אַנטקעגן מיין אינגערע שוועסטער, זי איז אויסגעפּוצט נאָך דער לעצטער מאָדע. פאַר איר איז מיין לויפן געווען אַן אויסערגעוויינטלעכע איבעררעשונג. איך שטעל זיך ניט אָפּ און לויף ווייטער, דער גאָראָדאָוואָי און צענדליגער מענטשן לויפן מיר נאָך. מיר האָט זיך איינ-

געגעבן אַריבערצוכאַפּן זיך איבער אַ פּאַרקאַן און פאַרשווינדן.

מיינע שוועסטער טרעף איך זייער זעלטן, און אַז איך באַגעגן זיך מיט זיי, באַדויערן זיי מיך, וואָס פון מיר איז געוואָרן. פאַר מיר אָבער האָט דעמאָלט חוץ קאַמף גאָרניט עקזיסטירט. איך בין געווען גרייט אַלץ מקריב צו זיין אַבי געווינען דעם קאַמף. מיינע שוועסטער האָבן אַראָפּגעבראַכט פון שטעטל די מאַמע, אפשר וועט זי אויף מיר ווירקן, איך זאָל צוריק ווערן אַ שטיקל מענטש. די מאַמע איז געקומען, אָבער די שוועסטער ווייסן ניט וואו איך געפין זיך. מיין שוואָגער האָט געאַרבעט אינאיינעם מיט מיינעם אַ חבר, זיידל האָט ער געהייסן. ער האָט געוואוסט וואו מען קען מיך טרעפן. זיידל האָט מיר איבערגעגעבן, אַז מיין מוטער איז געקומען קיין ליבאווע. איך טרעף זיך מיט איר. אַז מיין מאַמע האָט דערזען ווי איך זע אויס, האָט זי זיך צעוויינט: „מיין קינד, זע ווי דו קוקסט אויס!" אַלע וויינען. די עלטערע שוועסטער זאָגט מיר: "זע, מיין ברידערל" וואָס פון דיר איז געוואָרן."

איך שטיי אַ פאַרקלעמטער און קען קיין וואָרט ניט אַרויסרעדן. אַלע מוסרן מיך; מען פרעגט מיך, וואו איך אַרבעט און וואו איך וואוין. אָבער וואָס קען איך זיי ענטפערן? קיין שטעלע האָב איך ניט; קיין קוואַרטיר, אויך ניט; איך געפין זיך אין אַ קאָנספּיראַטיווער קוואַרטיר ערגעץ אין אַ געסל אויף סואַוואָראָוו שטראַסע. מיר נוצן די קוואַרטיר פאַר דער באַוועגונג. דריי חברים נעכטיקן דאָרט. קיין קאָפּיקע געלט האָב איך ניט, איך לעב אויף ברויט מיט טיי;

נאָר פונדעסטוועגן בין איך גליקלעך — מיר בויען די אָרגאַ־ניזאַציע, וואָס וועט באַפרייען די וועלט פון שקלאַפעריי. זאָל איך מיין פאַמיליע דערקלערן וואָס איך טו, וועלן זיי מיך ניט פאַרשטיין. ביי זיך קלער איך — אָ, מיינע טייערע, ווען איר וואָלט מיך פאַרשטאַנען, וואָלט איר מיך טייער געהאַלטן. איך בין גרייט מיין לעבן אַוועקצוגעבן אַבי אָפּ־צושאַפן שקלאַפעריי.

איך וויל אַז מיין ליבע מאַמע זאָל מיר פאַרשטיין. איך בעט זי, זי זאָל מיט מיר גיין אַביסל שפּאַצירן. איך גיי מיט איר אין די אַלטע איינלאַגן. די מאַמע איז אַביסל טויבלעך, דאָרטן גייען ווייניק מענטשן, וועל איך קענען העכער ריידן. די מאַמע בעט זיך ביי מיר: „ווי קומט דאָס צו דיר, מיין איינציק אויג אין קאָפּ — דו זאָלסט אַראָפּ פונם וועג און אַריינלאָזן זיך מיט אָט דער חברה — דו וועסט נאָך אַריינ־פאַלן אין טורמע.״ עס גיסן זיך טרערן פון אירע אויגן, זי קושט מיך, און בעט זיך ביי מיר: „וואַרף דאָס אַוועק, ווער אַ מענטש.״ איך שווייג, איך קען קיין וואָרט ניט אַרויסריידן.

דערנאָך, אַז איך קום צו זיך, זאָג איך צו דער מאַמע: „מאַמעלע, טייערע — איך האַלט אירע הענט אין מיינע און דריק זיי שטאַרק צו זיך — דו האָסט פאַרדרוס, פאַרשטיי מיך, מאַמעניו, איך בין ניט אַראָפּ פונם גלייכן וועג; פאַר־קערט, איך גיי איצט אויף דעם אמתן ריכטיקן וועג. דו ווייסט דאָך, פון מיין קינדהייט אָן האָב איך שווער געהאָרע־וועט, געוואַלגערט זיך ביי אַלערליי בעלי־בתים, קינדער גע־

ניאַנטשעט, פאַמייניצעס געטראָגן, און וואָס האָב איך דערפון געהאַט ? איצט ווען איך האָב שוין אַ מלאכה אין די הענט, איז ווידער די זעלבע זאַך. ווילן מיר פאַרבעסערן אונזער לעבן. איז דאָס אַן עולה?״

„יאָ, זיי זאָגן, אַז דו ווילסט — זאָגט די מאַמע, און זי לייגט צו איר מויל צו מיין אויער — דעם קיסר אַראָפּוואַרפן. איז דאָס אמת?״

איך שווייג, איך האָב מורא הויך צו ריידן — „אַז מיר וועלן קומען אין שטוב, וועל איך דיר אַלץ דערקלערן,״ ענטפער איך איר.

מיר קומען זייער שפּעט אַהיים. די מאַמע בעט מיך איך זאָל מאָרגן ווידער קומען, אָבער איך בין שטאַרק פאַרנומען— איך דאַרף זיין אויף דער „בערזע,״ איך האָב איבערגענומען מאַטלם אַרבעט. איך באַלאַנג איצט צו דער „סכאָדקע״, איך בין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער אָרגאַניזאַציע. ערשט אין אַ פּאָר טעג אַרום האָב איך זיך ווידער אויסגעקליבן גיין צו דער מאַמען. אָבער די שטימונג אין הויז איז איצט גאָר אַן אַנדערע. מיין שוואָגער באַמערקט מיט אַ שמייכל: „זע נאָר, זע נאָר, דו האָסט געמאַכט די מאַמע פאַר אַ סאָציאַ־ליסטקע.״ מיין שוואָגער איז געווען אַ שטילער, ליבער און האַרציקער מענטש, אַ ליכטיקן גן־עדן זאָל ער האָבן.

די צייט איז געווען אַן אומרואיקע — עס האָבן גע־סטרייקט שוסטערס, זאַגאָטאָווש טיקעס און אַנדערע לעדער־אַרבעטער. טוער זיינען געווען זייער ווייניק, האָב איך זיך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט צו העלפן פירן די סטרייקס.

קיין שטעלע האָב איך ניט געהאַט. אַמאָל פּלעג איך אין נייליבע, וואו מען האָט מיך ניט געקענט, קריגן אַ טאָג אַר־בעט, האָב איך געהאַט אַ פּאָר רובל דורכצולעבן די וואָך. די מאַמע דאַרף שוין אַוועקפאָרן, און עס פאַרדריסט מיך זייער שטאַרק וואָס איך קען איר ביים געזעגענען זיך ניט געבן קיין מתנה. וואָס קען איך אָבער טון? איך האָב ניט קיין קאָפּיקע ביי דער נשמה, איך קום קוים דורך מיט אַ שטיקל ברויט. איך קען דאָס ניט דערציילן מיינע שוועסטער מיט דער מאַמען, נאָר זיי זעען אַליין אַז מיין לעבן איז אַ שווערער.

די מאַמע פאָרט אַוועק; די שוועסטער, מיט טרערן אין די אויגן, בעט זיך ביי מיר, איך זאָל וואוינען ביי איר, עס וועט מיך גאָרניט קאָסטן. צו איר זיך אַריבערקלייבן קען איך אָבער ניט, ווייל איך מוז זיין אַ פרייער מענטש, איך זאָל קענען אַרבעטן פאַר דער באַוועגונג.

אין דער קאָנספּיראַטיווער וואוינונג, הגם דאָס לעבן איז געווען אַ שווערער, איז דאָך געווען פריילעך און לעבעדיק. אָט איז גבריאל דער וואָלקער, דוד דער שניידער — ביידע פריילעכע און לעבעדיקע יאַטן — מען לערנט, עס איז אַ פאַרגעניגן. מיר גרייטן זיך צו מאַכן אַ דעמאָנסטראַציע. אין אַ שבת פאַרזאַמלען מיר זיך אויף קורהויז שטראַסע אַ מענטשן אַכציק. די דעמאָנסטראַציע האָט זיך געזאָלט אָנ־הויבן אויף דער קאָרן שטראַסע. דאָרטן האָבן מיר זיך גע־דאַרפט פאַרטיילן צו פיר אין אַ ריי און מאַרשירן ווייטער, אין צענטער פון שטאָט, אויסשרייען עטלעכע לאָזונגען און זיך פונאַנדערגיין. די פּאָליציי האָט גלייך באַמערקט אַז דאָ

פאַרזאַמלען זיך די אַרבעטער, אָבער איידער זיי האָבן זיך געכאַפּט וואָס דאָ קומט פאָר, זיינען מיר זיך פונאַנדערגע־גאַנגען. די דעמאָנסטראַציע איז פאָרגעקומען אין יאָר 1901.

## איך קום אַ היים און כאַפּ קלעפּ

ליבאַווע מוז איך פאַרלאָזן. איך קען דאָ קיין אַרבעט ניט קריגן, אומעטום קען מען מיך שוין. אָט דער קליינער יאַפּפּע — זאָגט מען — וואו ער קומט נאָר, דאָרט ברעכט אויס אַ סטרייק. איך פאָר אַוועק אין שטעטל גרובין, לעבן ליבאַווע, אָבער איך שטיי דאָרטן בלויז צוויי וואָכן. אין שטעטל איז פאַראַן נאָר איין שוסטער און מען אַרבעט ביי אים ביי טאָג און ביי נאַכט, כמעט פאַר אומזיסט. איך קען דאָ מער ניט בלייבן און פאָר אַוועק קיין האזענפּוט. אויך דאָ איז די אַרבעט אומגעהייער שווער. בכלל איז מיר אומע־טיק אין אַ קליין שטעטל — איך בענק נאָך דער גרויסער שטאָט, איך בענק נאָך דער באַוועגונג. דערוויי באַקום איך אַ בריוו, אַז אונזער קאָנספּיראַטיווע קוואַרטיר אין ליבאַווע איז דורכגעפאַלן. מען האָט קיינעם ניט אַרעסטירט, אָבער מען האָט פאַרנומען די גאַנצע ליטעראַטור אונזערע, ספּע־ציעל די אומלעגאַלע. איך קער זיך אום צוריק קיין ליבאַווע. מען מוז קריגן אומלעגאַלע ליטעראַטור; ביז אַהער פלעגן מיר זי קריגן פון ריגע, אָבער די לעצטע צייט שיקט מען אונז גאָרניט צו. דוד האָט פאַרבינדונגען מיט שאַוולער קאָמי־טעט, ער שרייבט זיך מיט זיי צונויף וועגן דעם. מען באַ־

שטימט, איך זאָל פּאָרן ברענגען די ליטעראַטור. איך דאַרף זיך אין שאוול אויף דער גימנאַזיע-גאַס טרעפן מיטן סטודענט סענדער, מען גיט מיר אָן סימנים ווי אים צו דערקענען. אין שאוול — האָט מיר שפּעטער מיט יאָרן דערציילט נייטן גאָרדאָן, שוין אין אַמעריקע — וואָלט איך געקענט שלעכט אָפּשניידן. איך האָב זיך אַרומגעדרייט אויף דער גימנאַזיע גאַס אַ פרעמדער און אומבאַקאַנטער בחור, איז דאָס אויפ-געפאַלן, האָט מען געוואָלט מיר געבן קלעפּ, נאָר צום גליק, איז אָנגעקומען סענדער דער סטודענט. סענדער, ווי איך בין שפּעטער געוואָר געוואָרן, איז געווען ניט קיין אַנדערער ווי א. ש. זאקס, דער באַרימטער געלערנטער, שרייבער און רעדאַקטאָר. דאָ, אין אַמעריקע, האָב איך זיך אַ סך מאָל מיט אים געטראָפן. סענדער האָט מיר מיטגעגעבן עטלעכע בראָשורן און פּאַמפלעטן, און איך האָב געהאַט גרויס הנאה דערפון, וואָס איך, אַ יונגער בחור, האָב געקענט דורכפירן אַזאַ שטיקל אַרבעט. איך קום צוריק קיין ליבאַווע און גיב איבער די אומלעגאַלע ליטעראַטור מיינע חברים.

מיט אַ דיפּלאָם פון אַ בעל-מלאכה האָט מען געקענט קריגן וואוינרעכט אין ליבאַווע, הויב איך אָן צו טראַכטן ווי אַזוי צו קריגן אַזאַ דיפּלאָם. מען זאָגט מיר, אַז אין ראָגאַטשאָוו קען מען פאַר צען רובל קריגן אַזאַ דיפּלאָם, נאָר דערצו דאַרף מען האָבן אַ פּאַס, מוז איך פּאָרן אַ היים אין מיין שטעטל אַריין. איך נעם מיט זיך אייניקע ביכער צום לייענען, ווי פיליפ קראַנצס „קולטור-געשיכטע”, פינסקים דערציילונגען, און זעליקאָוויטשעס אַ בוך — „די גאָטהייט”.

אָט דער לעצטער בוך האָט מיר פאַרשאַפט אַ סך צרות און נים ווייניק קלעפּ. אין שטעטל האָט מען זיך דערוואוסט, אַז לייבעס זון גלויבט ניט אין גאָט, דאַרף מען אים אָנלערנען.

מיינע עלטערן דערפרייען זיך שטאַרק מיט מיר, די מאַמע ווייסט בכלל ניט וואָס צו טון מיט מיר. זי קאָכט, זי באַקט. זי פרעגט מיך: „מיין קינד, אפשר ווילסטו די זאַך, אפשר יענע זאַך". עס איז גוט צו זיין לעבן אַ מאַמען. איך בין אָבער שוין געווען אָפּגעוואוינט פונם קליינעם שטעטל. פרייטאָג צו נאַכטס קלייב איך זיך גיין אין שול אַריין, צו זען באַקאַנטע. איך ווייס פון פריער, אַז אַזוי גלאַט וועט עס מיר ניט אָפּגיין. איך געדענק די יאַטן מיט זייערע שטיק, ווען זיי דערזעען אַ נייעם מענטשן. איך האָב זיך ניט גענאַרט. איך קום אַריין אין שול, גלייך ביי דער טיר שטייען צוויי חברה־לייט, און ווי נאָר מען דערזעט מיך, גיט מען זיך גלייך אַ וואַרף אויף מיר: „זע נאַר, זע, ווער ס'איז געקומען!" קיין איין לייטישן בחור, מיט וועמען איך זאָל קענען אויסריידן אַ וואָרט, טרעף איך דאָרטן ניט. מיין גרוים־שטאָטיש אָנטון קענען די ווילדע בחורים ניט פאַר־טראָגן. איך באַמערק באַלד, אַז מען גייט מיר עפּעס אָפּטון אַ שפּיצל. און איידער וואָס־ווען, ליג איך שוין אויפן דיל.

אין אָוונט זיץ איך ביי מיינע באַקאַנטע. עס קומען אַריין בחורים: „אוי, שניאור, דו ביסט געוואָרן אַ סטאָטש־ניק, דאָס מאַכט ניט אויס; אָבער דו גלויבסט ניט אין גאָט — אַ, דאָס ניט!" אברהמקע דער שמיד און שלומקע שרייען איך זאָל זיי געבן דעם בוך וואָס לייקנט אין גאָט.

„איך האָב ניט דעם בוך ביי זיך,״ זאָג איך זיי, „ער איז אין דער היים, און דער בוך לייקנט בכלל ניט אין גאָט.״ זיי ווילן מיר אָבער ניט גלויבן: ״ניין, מיר ווילן אַליין זען דעם בוך.״ די בעל-הביתטע מיינט, אַז מיט פריינדלעכקייט וועט זי זיי קענען איינשטילן, בעט זי זיי זיך זעצן און טרינקען אַ גלאָז טיי. עס העלפט אָבער ניט, זיי ווילן מיך ניט אָפּלאָזן. עס ווערט שפּעט, איך גיי אַהיים. איך גלויב ניט, אַז זיי וועלן מיך שלאָגן. די חברה אָבער גייט מיר נאָך און חזרן איבער די זעלבע זאַך: „אַז דו ביסט אַ סטאַטשניק, דאָס אַרט אונז ניט, אָבער צו וואָס לייקנסט דו אין גאָט!״ איך לייקן די באַשולדיקונג, אָבער מיינע רייד האָבן אויף זיי קיין שום ווירקונג ניט. עס געדויערט ניט לאַנג און איך ליג שוין נאָך אַמאָל אויף דער ערד און מען גיט מיר קלעפּ, אָבער איך שריי ניט.

## מען אַרעסטירט מיך

אויף מאָרגן פאָר איך צוריק קיין ליבאַווע. אין ליבאַווע האָט מען מיך טאַקע געדאַרפט האָבן, ס׳איז דאָרט אָנגעגאַנגען עטלעכע סטרייקס האָב איך געדאַרפט העלפן אָנפירן.

פון מיין פאָרן קיין ראָגאטשאָוו וועגן דעם דיפלאָם איז גאָרניט אַרויסגעקומען. אין ניי-ליבע האָב איך געקראָגן אַרבעט איז אַ זייטיק פאַרוואָרפן געסל. איך האָב געאַרבעט פון שטיק. איך לעב ווידער אין אַ קאָנספּיראַטיווער קוואַרטיר. די אַרבעט גייט זייער גוט, מיר גרייטן זיך איצט צום

## עפּיזאָדן פון מיין לעבן

ערשטן מאַי, דעם גרויסן אינטערנאַציאָנאַלן יום־טוב. אַ טייל פון אונז וויל מיר זאָלן מאַכן אַ דעמאָנסטראַציע, אָבער די מערהייט באַשטייט דערויף, אַז מיר זאָלן פייערן אונזער יום־טוב אין טראָמפּאָלער גאָרטן. מיר וואַרטן מיט שפּאַנונג אויפן טאָג, און אָט איז דער טאָג געקומען. עס איז פּסח, אויך דער קריסטלעכער יום־טוב. דער טאָג איז זייער אַ שיינער, אַ זוניקער, ס'איז ליכטיק און וואַרעם. אונזערע פּאַטרולן שטייען אויסגעשטעלט אויף די גאַסן צו ווייזן דעם וועג צום פּלאַץ. אָט זיינען מיר אויפן פּלאַץ. אַלע זיינען שוין דאָ. אָט־אָט עפנט מען די הייליקע פאַרזאַמלונג . . . מיט אַמאָל סאָלדאַטן פון אַלע זייטן . . . מיר צעלויפן זיך, אָבער אומעטום טרעפן מיר אָן אויף סאָלדאַטן. מיר ווערן אַלע אַרעסטירט. דאָס ערשטע מאָל וואָס מען אַרעסטירט אַזאַ גרויסע צאָל מענטשן אויף איין מאָל. מען האָט אונז אַריינגעזעצט אין שוואַרצע וואָגנס און אַוועקגעפירט אין די פּאָליציי צירקלס. דאָרטן גיט מען אונז עסן ברויט, אָבער מיר ווילן דאָס ניט עסן. „פאַרוואָס עסט איר ניט קיין ברויט?" פרעגט אונז די פּאָליציי. „מען טאָר ניט עסן קיין ברויט," ענטפערן מיר, „עס איז ביי אונז פּסח, מעגן מיר עסן נאָר מצה." „איר זענט דאָך בונטאָווששטשיקעס", זאָגט מען אונז. „ניין," ענטפערן מיר, „מיר זיינען קיין בונטאָווששטשיקעס, מיר זיינען געווען אין גאָרטן כדי צו פאַרברענגען אַביסל די צייט." "גוט, מיר וועלן פאַר אייך ברענגען מצה." מיר האָבן געוואָלט דער־מיט אָפּלייקענען אַז מיר זיינען רעוואָלוציאָנערן. פאַר דער דעמאָנסטראַציע האָבן מיר געקענט טייער באַצאָלן. אין

1902 האָט דער ווילנער גובערנאַטאָר פאָן וואל געשמיסן דע־מאָנסטראַנטן, האָט דער שוסטער הירשקע לעקערט אויף אים געשאָסן, און הירשקע האָט דערפאַר באַצאָלט מיט זיין לעבן.

אין ליבאַווע האָט די פּאָליציי דערקלערט אונזערע חברטעס פאַר פּראָסטיטוטקעס — מען האָט זיי געגעבן געלע בילעטן, און זיי געהייסן זיך מעלדן צום פּאָליציי־דאָק־טאָר פאַר עקזאַמענירונג, צו באַקומען דאָס רעכט צו פאַר־קויפן זיך. ווען מיר האָבן אין טורמע זיך דערוואוסט וועגן דעם שענדלעכן אַקט, זיינען מיר אויפגעבראַכט געוואָרן. ווי וויים עס איז געווען פאַר אונז מעגלעך, האָבן מיר זיך צווישן זיך צונויפגערעדט אונטערצוצינדן אונזערע שטרוי־זעק אַלס פּראָטעסט. אין איין שיינעם פרימאָרגן, האָבן מיר אין דריי קאַמערן אונטערגעצונדן אונזערע שטרוי־זעק. מיר זיי־נען שיער אַלע ניט פאַרברענט געוואָרן, מען האָט אונז קוים געראַטעוועט. אונזער פּראָטעסט, ווי אויך די אַריינ־מישונג פון ד״ר קאַנטאָר, האָט געהאַט אַ ווירקונג. ד״ר קאַנטאָר איז געווען דער אויבער־ראַבינער פון ליבאַווע. דעם אַרעסט אונזערן האָט שפּעטער, אין 1907, ד״ר ש. פּעשקין באַשריבן אין ניו־יאָרקער „ציים־גייסט״.

געזעסן בין איך אין טורמע דריי חדשים. איך האָב מורא געהאַט, אַז מען וועט מיך פאַרשיקן קיין סיביר, ווייל ביי מיר אויף דער קוואַרטיר האָט מען געפונען אומלעגאַלע ליטעראַטור.

איך בין דעמאָלט אַלט געווען 17 יאָר. מען שיקט מיך

אַרוים מיטן עטאַפּ אַהיים, אין מיין שטעטל אַריין. איך גיי אינאײנעם מיט אַ גרופּע פון זעכציק מענטשן, אַ גרויסער טייל פון זיי זיינען פּאָליטישע; אַנדערע זיינען געשמידט אין קייטן. סאָלדאַטן און זשאַנדאַרמען מיט בלויזע שווערדן רינגלען אונז אַרום. מ׳פירט אונז צופוס פון דער טורמע צום וואָקזאַל. אין שטאָט איז אַ גרויסער טומל, אַ סך מענטשן גייען נאָך די אַרעסטירטע, און איך באַמערק צווישן עולם מיין שוועסטער מיטן שוואָגער. זיי ווילן צו מיר צוגיין, נאָר מען לאָזט זיי ניט. אויפן וואָקזאַל האָט מיר מיין עלטערע שוועסטער איבערגעגעבן אַ פּעקעלע מיט עסן. מיר געזע־געגען זיך מיט די בליקן. מען פירט אונז אַריין אין וואַגאָן. הונגעריק בין איך, נעם איך אַרויסקאַלופּן פונם פּעקעלע אַ שטיקל ברויט. דער סאָלדאַט דערזעט עס, נעמט ער ביי מיר צו דאָס פּעקל, עפנט עס אויף און געפינט, אַחוץ דעם ברויט, אַ כלי מיט פּוטער. ער גיט אַ שטאָך מיט אַ מעסערל אין דער פּוטער און שטויסט זיך אָן אויף אַ האַרטער זאַך — ער שלעפּט אַרויס אַ זילבערנעם רובל. נו, נו, מער האָב איך נים באַדאַרפט! ער גיט מיר אַ פּאָר קלעפּ און נעמט צו ביי מיר דאָס פּעקל. איך בלייב מיט גאָרנים. איצט וועל איך מוזן אויסקומען מיט די אַכט קאָפּיקעס אַ טאָג, וואָס די אַרעסטאַנטן באַקומען.

שניאור יאַפּפּע

## מיטן עטאַפּ אַ היים

פון ליבאַווע צו מיר אַהיים נעמט אַ צוועלף שעה פאָרן, מיטן עטאַפּ אָבער האָט עס געדויערט גאַנצע פיר וואָכן. מען שלעפּט אונז פון שטאָט צו שטאָט, פון טורמע צו טורמע. אָט ברענגט מען אונז קיין שאַוועל — אַן אַלטע פאַרוואָרלאָזטע טורמע. מענטשן ליגן איינער אויף דעם אַנדערן — אויף די נאַרעס, אונטער די נאַרעס. געזונטע, קראַנקע, שוואַכע, משוגעים — אַלץ צונויפגעמישט אינאיינעם. אין אָט דעם גיהנם האָבן מיר געדאַרפט שטיין פינף טעג. פון דאַנען פירט מען אונז קיין קאָוונע, דאָ איז שוין אַביסל בעסער. אין דער קאָוונער טורמע טרעפן מיר אַרעסטאַנטן וואָס מען האָט פאַרשיקט אויף קאַטאָרגע — אַ פאַרהאַרטעווועטע חברה. אין זעקס טעג אַרום גייט אָפּ דער עטאַפּ: איין טייל גייט קיין ווילנע, דער צווייטער קיין יאַנאָווע. מיך שיקט מען קיין יאַנאָווע. דאָרט שטייט אַ הילצערן טורמעלע אין אַ וואַלד, נאָר פאַר דורכגייער. אין דער טורמע איז געווען אַ מנהג, יעדן נייעם אָנגעקומענעם אַרעסטאַנט צו שטעלן באַנקעס. איך האָב זיך געוואָלט ביי זיי אָפּבעטן, אָבער עס האָט מיר גאָרניט געהאָלפן, די אַרעסטאַנטן האָבן מיך מכבד געווען מיט די באַנקעס. איך בין געבליבן אין אָנמאַכט אונטער זייערע הענט.

מיט צוויי טעג שפּעטער גייען מיר אין ווילקאָמיר. קיין באַן אַהין איז ניטאָ, מוז מען גיין צופוס. איך קום קיין ווילקאָמיר מיט געשוואָלענע פיס. פינף סאָלדאַטן פירן מיך,

קוים וואָס איך שלעפּ זיך. צוויי יידישע פרויען דערזען מיך: "אוי וויי, דאַכט זיך אַ יידיש בחורל, מסתמא פון די איצ־טיקע." אָט דאָס אַלץ וואָס איך הער. מען פירט מיך אַריין אין דער דורכגיי־קאַמער, דאָרט געפין איך נאָך צוויי אַרעס־טאַנטן. איך פאַל אויף דער נארע אַ האַלב־טויטער. דער אויפזעער קומט אַריין און פרעגט: „ווער איז דאָ דער יידי־שער בחור? איך האָב עפּעס פאַר אים." איך עפן אויף מיינע אויגן און גלויב זיך אַליין ניט: אַ חלה מיט פיש און אַ לאדעש מיט מילכיקע לאָקשן. איך האָב אַזוינע מאכלים שוין לאַנג ניט געזען אין מיינע אויגן. אָ, ווי דאַנקבאַר איך בין געווען יענע צוויי יידישע פרויען! צווישן יידן ווערט מען דאָך ניט פאַרפאַלן. איך קען זיי נאָך עד היום ניט פאַרגעסן. איך האָב זיך געטיילט מיט די אַנדערע אַרעס־טאַנטן און זיי האָבן געבענטשט דערפאַר אַלע יידן.

אין דריי טעג אַרום גייען מיר קיין ראָגאָווע. מען מוז ווידער גיין צופוס, קיין באַן אַהין איז אויך ניטאָ. קיין טורמע איז דאָרט ניטאָ, נאָר ביים פּריסטאַוו אין שטאַל איז אָפּ־געצוימט אַ ווינקל מיט גראַטעס, און דאָרט איז דאָ אַ נארע מיט אַ שטרויענעם זאַק, און דאָס איז די טורמע. אַהער האָבן מיך געבראַכט פינף סאָלדאַטן, צוויי קערן זיך אום צוריק קיין ווילקאָמיר; דריי בלייבן, מיך אָפּצופירן קיין קופּישאָק, אין מיין שטעטל אַריין. ביז מיין שטעטל דאַרף מען נאָך גיין צופוס אַ מייל זעקס ביז סיעבעזיש, פון דאָרט וועט מען שוין קענען נעמען אַ באַן. מיינע פיס ווערן מיר געשוואָלן פונם גיין, אַלע ווײַלע מוז איך זיי באַנעצן מיט וואַסער. די

סאַלדאַטן נעמען מיך אונטערן אָרעם פון צייט צו צייט און שלעפּן מיך ווייטער. קוים־קוים האָבן מיר זיך דערשלעפּט ביז סיעבעזש. אָבער דאָ איז ווידער אַ צרה, מיר דאַרפן וואַרטן ביז מאָרגן אויף דער באַן. מיר פאַרדריסט זייער שטאַרק, וואָס קיין קופּישאַק וועלן מיר דאַרפן אָנקומען שבת. איך קען דאָך מיין שטעטל, מ׳וועט אונז נאָך פאַר־שטיינען. אין וואַגאָן רעד איך מיט מיינע סאַלדאַטן, אַז מען קען נאָך אין מיין שטעטל אָנטון אונז צרות. אַז די באַן הויבט זיך אָן דערנעענטערן צו אונזער וואָקזאַל, באַמערק איך ווי די סאַלדאַטן נעמען זיך פאַרען מיט די הענט־קייטע־לעך: „וואָס איז דאָס?״ פרעג איך. „מיר וועלן דיר זיי אָנטון,״ ענטפערן זיי, „אַזוי פאָדערט דער געזעץ.״ איך זע איין אַז איך האָב זיי מיט מיינע רייד אָנגעשראָקן. איך האָב זיך ביי זיי אָפּגעבעטן, מען זאָל מיר ניט אָנטון די הענט־קייטעלעך, אַניט וועט מען אויף מיר קוקן ווי אויף אַ גרויסן פאַרברעכער.

עס איז אין מיטן זומער. דער טאָג איז זייער אַ שיינער, די זון שיינט, עס איז וואַרעם. מען פירט מיך אָרוים פונם וואַגאָן. צוויי סאַלדאַטן גייען ביי די זייטן און דער דריטער פון הינטן. אַלע דריי מיט בלויזע שווערדן. דער באַן גע־פינט זיך אַ פּאָר ווייאָרסט פונם שטעטל. מענטשן שפּאַצירן, און ווי מען האָט מיך דערזען, הויבן אָן צו פאַלן אויף אונז שטיינער. מיר שטעלן זיך אָפּ און די סאַלדאַטן נעמען מיר אָנטון די קייטעלעך. וואָס נעענטער מיר קומען צום שטעטל, אַלץ מער בויאַנעס קומען אָן און דער טומל ווערט גרעסער.

די סאָלדאַטן סטראַשען, אַז זיי וועלן שיסן.

— לייבעס זון פירט מען געשמידט אין קייטן — שרייט מען, און מען לויפט אַנזאָגן דער מאַמען די בשורה. איך בעט זיי, מען זאָל איר הייסן קומען אין מעשטשאַנסקי אופראַווע, אהין פירט מען מיך.

מיר קומען צו צום מאַרק. דער עולם ווערט גרעסער, דער טומל שטאַרקער. אַ סאָלדאַט שיסט אויס אין דער לופטן. דערוייל קומט אָן דער אוריאַדניק מיט צוויי סאָט־ניקעס. מען פירט מיך אַריין אין אופראַווע צו אליה לייבע דעם סבאַרטשיק. מינדע־רחל שרייבט אונטער די פּאַפּירן און די סאָלדאַטן גייען אַוועק. איך בין אַ פרייער מענטש, די מאַמע קומט אַריין אַ פריילעכע: „קום, מיין קינד, אַהיים." מינדע־רחל וואָרנט אונז אָבער, מיר זאָלן ניט גיין אַהיים איידער עס ווערט פינסטער, די קופּישאַקער חברה־לייט וועלן אונז נאָך באַוואַרפן מיט שטיינער; אַז ס'וועט ווערן פינסטער, וועט זי אונז אַרויסלאָזן דורך דער הינטערשטער טיר.

מינדע־רחל איז אַן אינטעליגענטע פרוי, אַ ציוניסטקע; אחד־העם איז איר גאָט, מאַקס נאָרדוי — איר לערער. זי איז באַהאַוונט אין ציוניזם מערער פאַר מיר. מיר פאַרפירן אַ דעבאַטע וועגן דער נאַציאָנאַלער פראַגע, אָבער מיין וויסן איז זייער באַגרענעצט. איך האַלט. אַז מיטן איינפירן פון סאָציאַליזם, וועט במילא געלייזט ווערן די יידישע פראַגע. זי איז מיט מיין שטעלונג ניט צופרידן; פונדעסטוועגן זאָגט זי, אַז זי איז זייער צופרידן וואָס אונזער שטעטל האָט אַרויס־געגעבן אַן אַרבעטער אַ קעמפער, אַ סאָציאַליסט.

שניאור יאַפּפּע

# אַ שוסטער־ליד

מיר גייען אַהיים. דער טאַטע איז ניטאָ, ער וועט ערשט מאָרגן קומען.

דער טאַטע איז געקומען: "נו, מיין תכשיט, דו ווילסט דאָך דעם קיסר אַראָפּוואַרפן." ער קוקט מיר ניט אין פּנים אַריין און איך ענטפער אים ניט. איך זאָג דער מאַמען, אַז אויב ער וועט אָנהויבן זיינע שטיק, גיי איך אַוועק פון דער היים. די מאַמע האָט גענומען וויינען און בעטן זיך ביים טאַטן, ער זאָל מיך צורו לאָזן. דער מאַמעס טרערן האָבן פאַראייניקט פאָטער און זון. דעם זומער 1902 בין איך פאַרבליבן אין דער היים. איך בין געווען אויסגעמאַטערט פון הונגערן, פון פירן די סטרייקס, פון די טורמעס, באין ברירה האָב איך ווייטער ניט געקענט פאָרן. די ערשטע צייט פלעג איך זיך מוזן אויסבאַהאַלטן פון די ווייסע־חברה אויפן בוידעם, אָבער ביסלעכווייז האָט מען זיך צו מיר צו־געוואוינט — זיי האָבן איינגעזען, אַז איך בין אָן הערנער. אויף עטלעכע וואָכן בין איך אַוועק אין אַ דערפל, וואו דער טאַטע האָט געהאַלטן אַ סעדל אויף אַרענדע. דאָרט האָב איך זיך גוט אויסגערוט, געקומען צו זיך, און מיין געזונט האָט זיך פאַרבעסערט; וואָס צו לייענען האָב איך אויך געהאַט.

ביי אונז אין שטעטל האָט געלעבט ישעיה־לייבע דער שוסטער, אַ ניקאָלאַיעווסקער סאָלדאַט. ער איז געווען אַ מערקווירדיקער מענטש — רעליגיעז איז ער ניט געווען, געהאַט אַ פרייען בליק אויף זאַכן, און צוביסלעך האָט ער

אויך געלייענט. זיין איינציקער זון איז אויסגעוואקסן אַ פרייער מענטש. זיי האָבן געהאַט אַ היפּשע קאָלעקציע ביכער און זשורנאַלן — אַלץ וואָס איז דעמאָלט אַרויס; אין יידיש האָב איך ביי זיי געפונען: שלום עליכמס „יידישע פאָלקס־ביבליאָטעק", י. ל. פּרצעס „יום־טוב בלעטלעך", און אַנדערע אויסגאַבעס. איך האָב זיך באַנוצט מיט זייערע ביכער. דער זון זיינער פלעגט קומען צו מיר אין סאָד מיט נאָך אַ פּאָר יונגעלייט; איך האָב זיי אַגיטירט און צוגעצויגן צום „בונד".

די פּאָר זומער חדשים זיינען פאַר מיר געווען זייער אינטערעסאַנט. מיר האָבן גענומען קלערן וועגן גרינדן אַ ביבליאָטעק. געזאָגט און געטאָן — צונויפגענומען אַ דרייסיק רובל און אויסגעשריבן יידישע ביכער. אָבער נאָך יום־טוב פאָר איך אַוועק, מיט דער דערלויבעניש פון דעם זשאַנדאַרם, קיין דווינסק; איך בין נאָך געשטאַנען אונטער פּאָליציי אויפזיכט. געבליבן איז ברוך ישעיה־לייבעס צו פאַרטיילן די ביכער. אין דווינסק טרעט איך אַריין אין דער אָרגאַניזאַציע. אַלץ איז גוט, נאָר קיין אַרבעט קען איך ניט קריגן — איך מוז ווידער הונגערן; אויך צו שלאָפן האָב איך ניט וואו. חיים דער פריקאַשטשיק נעמט מיך צו זיין טאַטן אויף עטלעכע נעכט איבערצושלאָפן. אָבער וויפיל קען מען נעכטיקן ניט באַצאָלטערהייט? איין מאָל האָט מיט מיר אַזאַ זאַך געטראָפן: מען האָט מיר געהייסן קומען נעכטיקן, אָבער איך בין אַוועקגעגאַנגען מיט אַ גרופּע אויף אַ פאַרזאַמלונג, בין איך געקומען צוריק שפּעט. די טיר איז שוין געווען פאַר־

מאַכט און קלאַפּן וויל איך ניט, איך צאָל דאָך ניט פאַרן נאַכט־לעגער; זיץ איך אַזוי אָפּ די גאַנצע נאַכט אויף די טרעפּ. ס׳איז ווינטער, און איך ווער פאַרפרוירן. אָט אַזוי זיצנדיק, האָט מיך אָנגעהויבן צו ציען צוריק אַהיים, צו מיינע אָרימע עלטערן, און צו ישעיה־לייבע דעם שוסטער מיט זיין ביב־ליאָטעק, בין איך אַוועק צום וואקזאַל, און וואַרטנדיק ביז דער צוג וועט קומען, האָב איך אָנגעשריבן די פאָלגענדע ליד:

אין אַ ווינקל קאַמער
זיץ איך איינגעבויגן
מיט אַן אָל און האַמער
און פאַרוויינטע אויגן;
דער וואַרשטאַט מיט לעדער פול,
אין שוים ביי מיר אַ קאַפּול,
איך ניי און שטעך ביז שפּעטער נאַכט
און כ׳טראַכט און טראַכט,
צי וועלן מיינע יונגע יאָרן
אין שוסטער־קאַמער גיין פאַרלאָרן?
דער האַמער קלאַפּט, די דראַטווע נייט
און אָט אַזוי שוין ביזן טויט!

מיט אָט דעם ליד בין איך אָנגעקומען אַ היים אַ פאַר־הונגערטער און אַ דערפרוירענער פון דער שלאָפלאָזער נאַכט אויף אַ טרעפּ ערגיץ־וואו אין דווינסק.

## די ערשטע גרופּע פון „בונד"

די מאַמע האָט זיך אויף מיר ניט געריכט. זי האָט זיך גלייך געשטעלט קאָכן און באַקן; אין שטיבעלע איז וואַרעם, עס ברענט דער גרויסער אויוון. די מאַמע שיינט פון פרייד וואָס איך בין צוריק דאָ. „מיין קינד," פרעגט זי מיר, „וואָס האָט מיט דיר פּאַסירט? זע ווי דו קוקסט אויס!" וואָס קען איך איר דערציילן — אַז איך האָב געהונגערט פיר חדשים? איך ציטער פון הונגער און איך כאַפּ זיך גלייך צו צום עסן. שוין לאַנג, לאַנג, ווי איך האָב קיין מאָלצייט צו זאַט ניט געהאַט. איך האָב מיט קיין גליד ניט געקענט באַוועגן; איך האָב געפילט אַז איך בין קראַנק און שוואַך; איך האָב פריער פון אַלץ געמוזט קומען צו זיך. איך האָב געבעטן דעם טאַטן, ער זאָל קיינעם ניט זאָגן אַז איך בין צוריקגעקומען, כאָטש איך האָב מיט זיך געבראַכט אַביסל אומלעגאַלע ליטעראַטור, וואָס וואָלט געווען אַ יום-טוב פאַר די פּאָר מענטשן („די באַקאַנטע", ווי מיר פלעגן זיך דאַן רופן). אַ גאַנצע וואָך האָב איך גערוט, געלייענט און איך בין צו זיך געקומען; דערנאָך בין איך אַוועק צו ישעיה-לייבען זיך זען מיט ברוכן, ער האָט זיך מיט מיר שטאַרק דערפרייט.

מיר האָבן צוגעקראָגן צוויי וויכטיקע מענטשן — אַלטער אריע-יאָסעס, אַ תלמוד-לערנער, ער האָט אויפגעהערט צו לערנען גמרא און זיך גענומען צו אַלגעמיינע לימודים; דער צווייטער — וועלפּטשיק הערצעס, אַן אינטעליגענטער יונגער-מאַן און זייער אַן ענערגישער. איך טרעף זיך מיט זיי ביידן,

זיי קוקן אויף מיר ווי אויף אַן אַלטן אויסגעפּרואוווטן רעוואָ־לוציאָנער און מיר האַלטן אָפּ די ערשטע באַראַטונג ביי מיין טאַטן אין שטיבעלע. מיינע עלטערן האָבן זיך פאַר דער צייט שטאַרק געענדערט, זיי זיינען געוואָרן צוגעבונדן צו מיר מיטן גאַנצן האַרצן — וואָס איך האָב נאָר געטאָן, איז פאַר זיי געווען ליב און טייער; זיי האָבן אין מיר דערזען אַ מענטשן, וואָס איז גרייט מקריב צו זיין זיין לעבן פאַר אַנ־דערע. איצט בין איך אין דער היים געווען אַ פרייער מענטש. די מאַמע פלעגט היטן „די קליינע ביכעלעך", זי פלעגט זיי באַהאַלטן אין אַזוינע פלעצער, וואו קיינער זאָל זיי ניט קענען געפינען. אַלע מיינע חברים זיינען ביי איר געוואָרן טייער. ביי דער באַראַטונג האָבן מיר געגרינדעט אַ גרופּע פון „בונד" מיט 20 מיטגלידער. איך פאַר קיין פּאָניוועזש און שלים אָפיציעל אַן די גרופּע אין „בונד"". איך קריג דאָרט אַביסל אומלעגאַלע ליטעראַטור. מיר נעמען זיך אָרגאַניזירן די אַר־בעטער פון אונזער שטעטל: שוסטערס, שניידערס, פור־מאַנעס.

נאָך דעם פאַר איך אַוועק אין פּאָניוועזש און פאַרבלייב דאָרטן עטלעכע וואָכן; פון דאָרטן הייסט מען מיר פאָרן קיין שאדאָווע און ראַדזיווילישעק, אין די צוויי קליינע שטעטלעך וועל איך קענען אַ סך אויפטון. דיביידע שטעטלעך זיינען נאָענט איינע פון דער צווייטער. אין ראַדזיווילישעק קריג איך אַרבעט. איך באַדינג זיך אויף אַ יאָר צייט. דער בעל־הבית זעט, אַז איך פיר אַן מיט „סטאַטשקעס", ווי ער רופט אַן די סטרייקן, סטראַשעט ער מיך, ער וועט מיך מסרן. איך

האָב ניט געוואָלט לעבן אין מורא, פאָר איך פון דאָרטן אַוועק, כאָטש איך וואָלט דאָרט געקענט אַ סך אויפטון. עס האָט זיך מיר פאַרבענקט צוריק קיין ליבאַווע. איך קום אַהין, נאָר מיינע פריינד וואָרענען מיך, אַז אין ליבאַווע איז איצט זייער שטרענג. איך פאַרבלייב דאָרטן ניט מער ווי צוויי טעג און פאָר צוריק אַהיים.

די חברים פון דער גרופּע זיינען באַגייסטערט פון זייער אַרבעט. שבת רופט מען אין באיעדער וואַלד צונויף אַ פאַר־זאַמלונג און איך האַלט אַ רעדע. איך קלייב נחת פון דער גרופּע, וואָס האָט זיך אַזוי שטאַרק צעוואַקסן. איך נעם צו זיך אַהיים משהקע דעם רימער איבערצונעכטיקן. איך שטיי אויף אין דער פרי, משהקע איז ניטאָ. עס האָט זיך אַרויסגע־וויזן, אַז ער האָט ביינאַכט ביי מיר אַרויסגענומען די פינף רובל, וואָס די מאַמע האָט מיר געגעבן. דאָס איז געווען די ערשטע אַנטוישונג וואָס איך האָב געהאַט פון אַ חבר.

איך פאָר צוריק קיין דווינסק. דאָרט האָב איך געקראָגן אַרבעט — איצט האָב איך שוין ניט געדאַרפט הונגערן; אָבער צו דער באַוועגונג האָב איך זיך אין דווינסק ניט גע־קענט צופּאַסן. אין די קליינע שטעטלעך בין איך געוואוינט געווען צו זיין דער גאַנצער פירער, רעדנער, טעאָרעטיקער און פּראַקטיקער; דאָ, אין דווינסק, זיינען געווען בעסערע מענטשן און שפּילן די דריטע פידל האָב איך שוין ניט גע־וואָלט, בין איך די גאַנצע צייט אַרומגעגאַנגען אַ ניט־צופרידענער.

דער זומער 1904 איז געווען רייך מיט אויסערגעוויינ־

לעבע געשעעניש ן — פלעווען האט סאזאנאוו, א סאציאליסט־רעוואלוציאנער, דערהרגעט; די רוסיש־יאפאנישע מלחמה איז נאך אנגעגאנגען; דעם זומער איז אויך געשטארבן ד״ר הערצל.

אין דווינסק האט מען מיר איבערגעגעבן א גרופע, מיט וועלכער איך האב געדארפט אנפירן. אין דער זעלבער צייט קריג איך א בריוו פון מיין שוועסטער — זי שרייבט מיר, אז זי וואלט זיך געוואלט מיט מיר טרעפן, אבער זי וואוינט דאך אין ליבאווע, לייגט זי מיר פאר, מיר זאלן זיך ביידע טרעפן אין דער היים, אין אונזער שטעטל. זי האט מיט מיר א סך וואס צו ריידן. איצט, שרייבט זי מיר, זעט זי איין, ווי איך בין גערעכט געווען וואס איך האב זיך באטייליקט אין דער באוועגונג. זי איז גליקלעך, וואס איר ברודער איז א קעמפער. דער בריוו האט מיך שטארק צורודערט — נאך א מיטגליד פון אונזער פאמיליע האט אנגעהויבן טראכטן ווי איך. אט דאס איז געווען מיין שטענדיקער חלום, אז נאך עמעצער פון אונזער פאמיליע זאל ארייננעצויגן ווערן אין דער פרייהייטס־באוועגונג. ס׳מאכט ניט אוים אפילו, צו וואס פאר א פארטיי ער זאל ניט געהערן.

מיר זיינען געקומען אהיים אין איין און דעם זעלבן טאג, דאס איז געווען אין מיטן זומער. מיר זיינען ביידע גליקלעך. מיין שוועסטער קוקט אויף מיר ווי אויף אן עלטערן, כאטש איך בין מיט צוויי יאר אינגער פון איר. נאכ׳ן אוונט־ברויט זיינען מיר ארוים שפאצירן — מיר זיינען ארומגעגאנגען א גאנצע נאכט. יענע נאכט וועל איך קיינמאל ניט פארגעסן.

„מיין ליבער ברודער," זאָגט זי צו מיר, „מיך פאַרדריסט וואָס איך האָב דיך ביז איצט ניט פאַרשטאַנען; און זי גיט מיר אַ האַרציקן, וואַרעמען קוש. דאָס האַרץ צעגייט ביי מיר פון פרייד. אין גיכן פאָרט זי אַוועק צוריק קיין ליבאַווע, און איך פאַרבלייב אין דער היים.

## זעלבסט־שוץ

די באַוועגונג ביי אונז אין שטעטל האָט זיך צעוואַקסן און מען דאַרף מיך דאָ האָבן. איצט לערן איך זייער פיל, איך לייען אַ סך ביכער. כדי צו לערנען אַנדערע, מוז מען פריער אַליין לערנען, און דאָס טו איך טאַקע. אָבער פון וואָס מאַכט מען אַ לעבן? קיין אַרבעט קען איך דאָ ניט קריגן. אמת, קיין סך דאַרף איך דאָ ניט האָבן — אַ פּאָר רובל אַ וואָך וואָלט געווען פאַר מיר גענוג. מיר האָבן אין דער באַוועגונג אַ פּאָר חברים וואָס האָבן אייגענע וואַרשטאַטן פאַר זיך, וועלן זיי מיך לאָזן ביי זיי אַרבעטן. אַביסל אַרבעט האָף איך צו קריגן, און איך וועל נאָך האָבן גענוג צייט פאַר דער באַוועגונג. איך פלעג אויך אַרומפאָרן אין די אַרומיקע קליינע שטעטלעך פאַר דער באַוועגונג. איין שטעטל וועל איך דאָ באַשרייבן, דער נאָמען פון שטעטל איז פּאָניעדעל.

איך קום אהין שבת, ווערט דאָרטן אַ יום־טוב. מען ברענגט צונויף עסן, טרינקען, מען איז אויפגעלייגט און מען זינגט לידער. איך האַלט צוויי רעדעס: איינע אַן אַגיטאַציע־

רעדע; די צווייטע, אַ טעאָרעטישע. דער עולם איז באַגייס־טערט, און אַזוי פאַרברענגט מען אַ גאַנצן טאָג.

די רוסיש־יאַפּאַנישע מלחמה גייט נאָך אָן. מיר, די רעוואָלוציאָנערן, נוצן אויס די אומצופרידנקייט פון דער באַפעלקערונג — דאָס גאַנצע לאַנד איז אומרואיק. אין אונזער געגנט טרעטן אויך אַרויס אין דער עפנטלעכקייט די ליט־ווינער סאָציאַליסטן (זיי צעשטערן די מלוכהשע בראָנפן־מאַגאַזינען, שניידן איבער די טעלעגראַף־דראָטן, אאז"וו). אויף איינצושטילן די אומרוען, שיקט מען אַריין קאָזאַקן. מיר שטעלן זיך קעגן זיי, אַ פּאָר פון זיי צעשלאָגן מיר; האָט מען אַריינגעשיקט אַ ראָטע סאָלדאַטן. אַלס פּראָטעסט באַשליסן מיר צו מאַכן אַ דעמאָנסטראַציע. זונטאָג, ווען די פּויערים פון די אַרומיקע דערפער קומען זיך צונויף אין קלויסטער אַריין, האָבן מיר דעמאָלט אָרגאַניזירט אונזער דעמאָנסטראַציע. צוועלף אַזייגער בייטאָג, די גויים גייען אַרויס פון קלויסטער, מיר פאַראייניקן זיך מיט זיי און מאַרשירן איבערן שטעטל. אַ פאָנען־טרעגער, מאָטל דעם שלאָסער, האָבן מיר אַראָפּגעבראַכט פון אַן אַנדער שטעטל, כדי מען זאָל אים ניט דערקענען. די סאָלדאַטן האָבן קעגן אַזאַ גרויסן עולם גאָרניט געקענט טון; זיי זיינען געווען מאַכטלאָז, ווייל מען וואָלט געדאַרפט אַרעסטירן אַ פּאָר טויזנט מענטשן.; האָט מען צוגענומען די סאָלדאַטן און אַריינגעשיקט דראַגונער און פון זיי האָבן מיר שטאַרק געליטן. די דראַגונער האָבן געשלאָגן אויף רעכטס און לינקס; ספּעציעל האָבן געליטן מיר, בונדיסטן.

זונטאג נאָך דער גרויסער דעמאָנסטראַציע, ווען די סאָל־דאַטן האָבן אונז צעטריבן, האָב איך גענומען לויפן מיט אַ זייטיק געסל. דאָס שטעטל איז קליין, אָבער סאָלדאַטן אַ סך; וואו דו לויפסט, טרעפסטו אָן סאָלדאַטן. איך לויף צו דעם טעלאַטניק, דאָרט זיינען דאָ אַ סך גערטנער. עס לויפן נאָך בחורים אין דער זעלבער ריכטונג. איך שפּרינג אַריבער אַ הויכן פּאַרקן. די סאָלדאַטן לויפן נאָך מיר און שרייען: „שטעל זיך אָפּ! בלייב שטיין! מיר וועלן שיסן!" איך שפּרינג אַריבער אַ צווייטן פּאַרקן. נאָך איין פּאַרקן דאַרף איך אַריבערשפּרינגען. אָט בין איך שוין אויפן פּאַרקן, און די סאָלדאַטן האָבן אויסגעשאָסן. איך פּאַל אַראָפּ און בלייב ליגן אויף דער ערד. קיין ווייטאָג פיל איך נישט, איך ליג פאַרטייעט. איך הויב אויף אַביסל דעם קאָפּ און זע אַז די סאָלדאַטן יאָגן זיך נאָך צוויי בחורים. איך ליג נאָך אַלץ אויף דער ערד און קען זיך נישט רירן פונם אָרט ווי איך וואָלט גע־ווען פּאַראַליזירט. איך באַוועג מיט אַ האַנט און די האַנט באַוועגט זיך — אַ סימן אַז איך לעב, קיין קויל האָט מיר נישט געטראָפן. איך הויב זיך אויף און לויף אין אַן אַנדער ריכ־טונג, צו דער אַפּטייקער גאַס — דאָרט וואוינט מיינע אַ שוועסטער. איך פּאַל אַריין צו איר אין הויז נישט טויט, נישט לעבעדיק. די שוועסטער פרעגט מיך: „וואָס האָט פּאַ־סירט? איך האָב געהערט מען האָט געשאָסן, האָט מען דיך געשאָסן?" „ניין, נישט אין מיר," זאָג איך. איך רו זיך אָפּ און גיי אַוועק צו הענעך דעם סופר, דאָרטן וועל איך טרעפן חברים

כדי צו פארשטארקן אונזער רעוואלוציאנערע ארבעט, ארגאניזירן מיר א פעדעראטיוון קאמיטעט פון „בונד" צו־זאמען מיט די ליטווינער.

דערווייל הויבן זיך אן צו פארשפרייטן פאגראם־שטימונ־גען. מיר ארגאניזירן אין א סך שטעטלעך א זעלבסטשוץ און מיר נעמען צונויף געלט אויף צו קויפן געווער. אונזער שטעטל ווערט באקאנט ווי א צענטער פון דער זעלבסטשוץ, מען ווענדט זיך צו אונז נאך הילף פון אנדערע שטעטלעך. איך נעם עטלעכע בחורים און מיר פארן קיין פאניעוועזש. אין א דערבייאיק שטעטל, אניקסט, האט מען מורא פאר א פאגראם, ארגאניזירן מיר דארט צוואנציק בחורים מיט גע־ווער. אויפן וועג קיין אניקסט פארן מיר דורך א קליין שטע־טעלע, ווישינטי, דארט איז דא א ישיבה. די ישיבה־בחורים קומען אונדז אנטקעגן און בעטן אונז, מיר זאלן פארבלייבן ביי זיי אין שטעטל צו פארהיטן זיי פון א פאגראם, נאר קיין פאגראם איז דארט ניט געווען.

## די רעוואלוציע

זומער 1905. די לופט איז געווען אנגעפילט מיט עקספלאדירנדיקע שטאפן. דער אויפשטאנד אויף דער מילי־טער־שיף „פאטיאמקין" אין אדעם האט אויפגערודערט דאס גאנצע לאנד, אפילו אין די פראווינציעלע שטעטלעך האט זיך געפילט דער אומרו. מיר האבן געהאט א שווערע אר־בעט איינצוהאלטן די ליטווינער פון אומנויטיקע טאטן, וואס

וואָלטן אונז קיין נוצן ניט געבראַכט, נאָר אַ סך שאָדן. זיי פלעגן איבערשניידן די טעלעגראַף־דראָטן, און דערפאַר האָט מען אונז שטאַרק פאַרפאָלגט. מיר האָבן צוליב דעם אָנ־געוואוירן אַ סך קרעפטן.

עס דערנעענטערן זיך די טעג פון דער אָקטאָבער־רעוואָ־לוציע פון 1905. אין די שטעטלעך זיינען געווען ווייניק אָרגאַניזירטע מענטשן, פלעגן מיר שיקן אונזערע מענטשן פון איין שטעטל אין צווייטן. אַזוי, צום ביישפּיל, האָבן מיר געשיקט אַ מענטשן פערציק באַוואָפנטע קיין פּאָניעוועזש, צווישן זיי אַ טייל ליטווינער. אין פּאָניעוועזש האָט געדאַרפט פאָרקומען אַ דעמאָנסטראַציע. דאָרטן איז געשטאַנען אַ פּאָלק סאָלדאַטן, ווען מען האָט געגעבן די סאָלדאַטן אַ באַ־פעל צו שיסן אויף די דעמאָנסטראַנטן, זיינען זיך אַלע צע־לאָפן, נאָר די קאָפּיסקער זיינען פאַרבליבן אויף די ערטער.

דאָ וויל איך דערמאָנען אַ פּאָר חברים אונזערע וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער אַרבעט. ישעיה ישראל יאנקלם איז געווען זייער אַן ענערגישער בחור, פאַר אים איז קיין שום אַרבעט ניט שווער געווען; ער האָט אויך ניט געוואוסט וואָס מורא הייסט. מען האָט אים נאָר באַדאַרפט זאָגן, אַז מען דאַרף דורכפירן אַ שטיקל אַרבעט, האָט דאָס געמעגט זיין ווי געפערלעך, האָט ער עס געטאָן אָן שום פּראַגעס. ביי אונז אין שטעטל אויפן בית־עולם זיינען גע־ווען צוויי מויערלעך, פלעגט ער אין איינעם האַלטן געווער און דעם צווייטן, אומלעגאַלע ליטעראַטור. פאַר לעבעדיקע מענטשן האָט ער זיך ניט געשראָקן, איז פאַר טויטע אודאי

ניט. ביינאַכט פלעגט ער גיין אויפן בית-עולם נעמען ליטע־ראַטור אָדער געווער, וואָס מען האָט נאָר באַדאַרפט. ווען מען האָט באַדאַרפט דורכפירן אַ טעראָר־אַקט, האָט מען אים נאָר באַדאַרפט זאָגן און ער איז גרייט געוועז דאָס צו טון. אויף אים האָט מען זיך געקענט פאַרלאָזן. דער צווייטער, יאָסקע,איז געוועז פון דעם זעלבן שניט. אים האָט אויך קיין שום זאַך ניט אָפּגעשטעלט, אויך ער האָט ניט געוואוסט וואָס הייסט מורא צו האָבן.

הענעך דער סופר פלעגט מיר העלפן שרייבן פּראָקלאַ־מאַציעס. מיין האַנטשריפט איז געוועזן ניט קיין קלאָרע, פלעגט ער איבערשרייבן מיינע פּראָקלאַמאַציעס. אַלע זיינע קינדער זיינען געוועזן בונדיסטן. מיין שוועסטער האָט ביי הענעכן געדונגען אַ צימער פאַר אַ וואַרשטאַט, און פון דאָרטן איז אָנגעפירט געוואָרן די רעוואָלוציאָנערע אַרבעט אין אונזער שטעטל. מיין ליבע מוטער האָט מיר אויך מיטגע־האָלפן, זי פלעגט אויפפּאַסן אויף דער אומלעגאַלער ליטעראַ־טור; זי פלעגט וויסן וואו יעדע בראָשור געפינט זיך. די מאַמע מיינע האָט אָפּגעהיט די בונדישע באַוועגונג ווי די אויגן אין קאָפּ.

דאָס ביסל פרייהייט, וואָס די אָקטאָבער־טעג האָבן גע־בראַכט, האָבן מיר אויסגענוצט אויף אַ גרויסן שטייגער. פרייטאָג-צונאַכט זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן לעקציעס אין פאַרשיידענע קלובן. רעדנער פלעגן מיר אַראָפּברענגען פון פּאָניעוועזש, אָבער צום גרעסטן טייל זיינען אַרויסגעטרעטן אונזערע אייגענע רעדנער. מיר האָבן אָרגאַניזירט אַ דים־

קוסיע צווישן „בונד" און ס. ס. (ציוניסטן סאָציאַליסטן). פון די ס. ס. איז אַרויסגעטראָטן דער סטודענט נאָום; פון „בונד", איך. דער גרויסער בית־המדרש איז געווען איבערגעפּאַקט. יעדער פון אונז האָט גערעדט צו איין שעה, און ווען מיר האָבן פאַרגעלייגט אונזערע רעזאָלוציעס, האָבן פאַר מיינער געשטימט 600 מענטשן, פאַר דער ס. ס.־שער, אַן ערך 300. פאַר מיר פּערזענלעך איז יענע פאַרזאַמלונג געווען אַן אויסער־געוויינטלעכער טריומף. איך, דאָס אָרעמסטע קינד פון שטעטל, דער פאַרשטויסענער, אָן בילדונג, אָן דערציונג; ערשט מיט דריי יאָר צוריק, ווען מען האָט מיך געבראַכט אַהיים מיטן עטאַפּ, האָט מען מיך באַוואָרפן מיט שטיינער; איצט שטיי איך אויף דער בימה פונם גרויסן בית־המדרש און רעד צו דער גאַנצער שטאָט. אין איבערגעפּאַקטן בית־המדרש לאָזט מען שוין קיינעם ניט אַריין. מיין פאָטער קומט צו: „מיך וועט איר ניט אַריינלאָזן, מיין זון רעדט!" אַך, ווי אַלץ האָט זיך פאַר דער קורצער צייט געביטן! אָט דאָס איז געווען מיין באַלוינונג פאַר אַלע מיינע ליידן, וואָס מיר איז אויסגעקומען אויסצושטיין אין די פינף יאָר, אַרבעטנדיק אין דער באַוועגונג.

## איך פאַרלאָז רוסלאַנד

די אָקטאָבער־פרייהייטן האָבן לאַנג ניט אָנגעהאַלטן, אין גיכן האָט אָנגעהויבן צו בושעווען די רעאַקציע. אין אונזער געגנט האָבן געאַרבעט די באַרימטע וואַלד־ברידער —

לאַטישן און ליטווינער. צו באַקעמפן די וואַלד-ברידער, האָט זיך גענומען דער הענקער, גענעראַל אָרלאָוו, וואָס האָט גע־הערשט אין אונזער געגנט. מען האָט באָמבאַרדירט די שטעטלעך, געשאָסן, געהאַנגען — עס איז געוואָרן אַ חורבן. אין אָט די חורבן-טעג האָט מיך פּלוצלונג אַ רוף געטאָן דער מתנגדישער רב פון שטעטל, ער וויל מיך זען. נאַטירלעך, מוז דאָס זיין קאָנספּיראַטיוו, קיינער זאָל דערפון ניט וויסן.

איך גיי אַוועק צום רב, ווען ס׳איז שוין פינסטער. ער נעמט מיך אויף מיט פרייד, איך באַמערק טרערן אין זיינע אויגן. „שניאור," זאָגט ער, „עס פאַרדריסט מיך וואָס איך האָב דיך ניט געהערט ריידן, מען זאָגט מיר, דו האָסט גע־האַלטן אַ גוטע רעדע; זיי געשטאַרקט, דו טוסט גוטע אַר־בעט." איך שטיי אַ צעטומלטער, ווי קומט דאָס צום רב?" „רבי, ווי קומט דאָס צו אייך?" „הערסט, שניאור, איך מוז טראָגן אַ מאַסקע. וואָס זאָל איך טון, מיין האַרץ, מיין נשמה איז מיט אייך." ער נעמט אַרויס פון אונטער די גמרות צוויי בענדער מאַרקס „קאַפּיטאַל". ער האָט אַ שיינע ביב־ליאָטעק פון וועלטלעכער ליטעראַטור. ער דערציילט מיר, אַז נאָך אין דער ישיבה האָט ער געלייענט וועגן סאָציאַליזם, נאָר וואָס קען מען טון? מען מוז האָבן ברויט צו עסן. איך בין אַוועק פונם רב שפּעט ביינאַכט.

אין עטלעכע טעג אַרום איז אויך קיין קופּישאָק געקומען אָרלאָוום אַן אָטריאַד. זיי האָבן זיך געווענדעט צו די בעלי־בתים פון שטעטל מען זאָל זיי אַרויסגעבן דאָס געווער. ישראל אַבעלעס יאפפע, אַ חשובער באַלעבאָס פון שטעטל,

שיקט מיך רופן און דערציילט מיר וועגן דעם. איך זאָג אים, אַז קיין געווער וועלן מיר ניט אַרויסגעבן — „גיט זיי אַ פינ־גער,״ זאָג איך, „וועלן זיי וועלן די גאַנצע האַנט. ווען זיי כאַפּן מיך, גיב איך זיי די זעלבע תשובה.״ איצטער, מיט 48 יאָר שפּעטער, זע איך אַז איך האָב דעמאָלט ריכטיק גע־האַנדלט. די שטאָט האָט מען ניט געטשעפּעט; מען האָט נאָר געטריבן די יידן אין שול אַריין, זיי זאָלן שווערן טריי־הייט דעם „צאַר״. ס'איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ קאָמיטעט, וואָס איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך, אַז עס זאָל גאָרניט פּאַ־סירן מיט די רעגירונגס־אַנשטאַלטן. אין קאָמיטעט זיינען אַריין: קרוטשיק מיט זיינע צוויי זין, ישראל יאפפע, נחום פּאלקעס. און נאָך אַ פּאָר בעלי־בתים.

ביי מיין טאַטן אין שטיבל זיינען געשטאַנען צוויי קאַסטנס מיט געווער, וואָס אין אָנגעקומען פון דייטשלאַנד. דאָס געווער האָט מען באַדאַרפט אָפּשיקן קיין דווינסק, עס איז אָבער איצט געווען אַ סכנה דאָס צו פירן ווייטער, האָט מען דערווייל עס געלאָזט שטיין ביי מיין טאַטן, ביז מען וועט געפינען אַן אַנדער אָרט.

די ליטווינער סאָציאַליסטן האָבן פאַרלאָרן דעם קאָנטראָל איבער זיך און אָנגעהויבן צו שיכורן. שיכורערהייט זיינען זיי באַפאַלן די פּאָסט און צוגענומען 25 טויזנט רובל. די שטאָט אונזערע איז געווען אין אַ געפאַר, האָט דער בונדישער קאָמיטעט צונויפגערופן אַ זיצונג צו באַטראַכטן וואָס צו טון מיט די ליטווינער. מיר האָבן געוואָלט אַרויסלאָזן אַ מעלדונג, אַז דער „בונד״ טראָגט ניט קיין פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר־

די מעשים פון די ליטווינער. מיט אַמאָל הערן מיר אַ שי־
סעריי. מיר לויפן אין מאַרק זען וואָס קומט דאָרט פאָר.
מיר זעען, אַז מענדל קרוטשיק מיט נאָך אַ פּאָר בעלי־בתים,
מיטגלידער פונם קאָמיטעט, האַלטן דריי ליטווינער חברים.
איך פרעג די בעלי־בתים, וואָס האָט דאָ פּאַסירט. דערציילן
זיי מיר, אַז מען האָט פאַרנומען אין דער פּאָסט 25 טויזנט
רובל, צוויי זיינען אַנטלאָפן מיטן געלט, און די דריי האָט
מען געכאַפּט. אָט מיט די ליטווינער האָבן מיר אינאיינעם
אַ פּאָר יאָר געאַרבעט, ווי גיט מען זיי איבער דער מאַכט?
דאָס הייסט דאָך אַ זיכערע תליה. זאָג איך צו די בעלי־
בתים: „לאָזט אָפּ די ליטווינער, איך וועל זיין פאַראַנט־
וואָרטלעך פאַר זיי." מען לאָזט זיי אָפּ, און איך היים די
ליטווינער וואָס גיכער אַנטלויפן.

איצט מוז מען וואָס גיכער אויך אַוועקנעמען דאָס געווער
פונם טאַטנס שטוב. איך שיק רופן יעסען מיטן שליטן, איך
נעם אויך יאָסקען מיט זיך, און מיר לויפן ארויסנעמען די
צוויי קאַסטנס געווער. אַלץ גייט זייער שנעל — די קאַסטנס
שטייען שוין אויפן שליטן און מיר זיצן מיט רעוואָלווערן אין
די הענט. איך האָב נאָך אויך באַוויזן זיך געזעגענען מיט דער
מאַמען, איך בין געווען זיכער, אַז איך וועל זי שוין מער
קיינמאָל ניט זען. מיר יאָגן זיך מיט אויסערגעוויינלעכער
שנעלקייט. מען שיסט אויף אונז און מיר שיסן צוריק. מיר
האָבן זיך דורכגעריסן דורך דער שטאָט און מיר פאָרן אַריבער
דעם פאַרפרוירענעם טייך. וואוהין מיר לויפן, ווייסן מיר
אַליין ניט, אַבי וואָס גיכער אַנטלויפן. מיר פאָרן אַריין אין

אַ וואַלד, מיר דערציילן דעם גוי אַ מעשה, אַז איך וויל ניט גיין דינען, דערפאַר מוז איך אַנטלויפן, און היים אים, ער זאָל מיר צופירן צו דער סטאַנציע סיעבעזש. די אַנדערע חברים זיינען פאַרבליבן באַם גוי אין הויז מיט דעם געווער. איינער פון די צוויי חברים איז טאַקע מיין איצטיקער אַ שוואָגער, סעם סמיט, פון ניו־יאָרק.

אין סיעבעזש זעץ איך זיך אַריין אין דער באַן און פאָר אין שאַדאָווע, וואו איך וויל זיך אויסבאַהאַלטן; דאָ איז דאָ אַ גוטע בונדישע גרופּע. מען באַזאָרגט מיך מיט אַ קוואַרטיר, איך בייט מיין נאָמען און לעב אומלעגאַל. אין איין צימער וואוינען מיר דריי מענטשן: אַ ווייבל, וועמענס מאַן איז אין אַמעריקע; אַ קוואַרטיראַנטקע אַ לערערין, און מען צאַמט אָפּ מיט אַ פאָרהענגל אַ שטיקל צימער מיט אַ קאַנאַפּע, אָט דאָ וועט זיין מיין קוואַרטיר. איך קריג אַביסל אַרבעט ביי אַ חבר, וואָס וועט מיר איצט קלעקן אויף צו לעבן, און איך נעם זיך ווידער צום לייענען. איך האַלט לעקציעס פאַר דער גרופּע — דאָ, אין דעם קליינעם שטעטל, האָבן זיי קיין בעסערע רעדנער ניט געהאַט..

די לערערין, רעבעקא סאַלאמאָן, איז אַ טאָכטער פון דעם אייגנטימער פון פרענקלס לעדער־פאַבריק אין שאַוועל. דעמאָלט איז געווען אַ מאָדע, אַז גבירישע קינדער פלעגן פאַרלאָזן זייערע רייכע עלטערן, כדי צו ווערן זעלבסטשטענ־דיק. אויך רעבעקא האָט אַזוי געטאָן — פאַרלאָזט איר רייכע היים, געקומען קיין שאַדאָווע און געוואָרן אַ לערערין. אַ שפּאַניש ווענטל שיידט מיך אָפּ פון דער בילד־שיינער

רעבעקאַ, אָבער דערהויפּט טיילט אונז אָפּ מיין גרויסער פּאַ־נאַטיזם. מיין לעבן איז געווען אויסגעפילט מיט דריי זאַכן: סאָציאַליזם, רעוואָלוציע, באַוועגונג. אַז ס'איז נאָך דאָ ליבע אויך — אַזאַ זאַך איז ניט פאַר מיר! דאָ בין איך אין איין צימער מיט אַ בילד־שיין מיידל, וואָס האָט טויזנט חנען; מיר לייענען צוזאַמען, זי דריקט מיר די האַנט, אירע אויגן גליען און ברענען, זי שעפּטשעט צערטלעכע ווערטער צו מיר; אַזאַ געפיל — דאָס טרעפט זיך מיר דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן. מיין האַרץ קלאַפּט האַסטיק, איך האָב אויך אַ וואַרעם געפיל צו איר, איך וואַרף אַ בליק אויף איר — אירע אויגן ברענען ווי צוויי פייער־קוילן — אָ, ווי צערטלעך זי איז! איך האָב נאָך אין מיין לעבן קיינמאָל ניט געזען אַזאַ שיינ־הייט. איך פיל, אַז איך ווער פאַרלאָרן. מיר לייענען אָבער ווייטער די געשיכטע פון דער רעוואָלוציאָנערער באַ־וועגונג.... עס ווילט זיך מיר זי אַרומנעמען, אָט דאָס ליבע מיידל; זי קושן, קושן, פאַרגעסן אין אַלץ און אַלעמען....

איך האָב זיך אויפגעכאַפּט ווי פון אַ פאַרצויבערטן חלום — ווי קומט דאָס צו מיר? זי פרעגט מיר: „דו ביסט פאַרקנסט צו דער רעוואָלוציע?" יאָ, ס'איז אמת, איך בין פאַרקנסט צו דער רעוואָלוציע. זי בעט מיך, איך זאָל פאָרן קיין שאוול צו אירע עלטערן. איך זאָג זיך אָפּ דערפון — ווי קום איך, אַן אַרבעטער, צו די גבירים? זי קוקט אויף מיר איראָניש. „וואָס, זאָג איך, דו מאַכסט חוזק פון מיר?" „ניין, ענטפערט זי, איך מיין דאָס גאַנץ ערנסט. אויף דיין פנים איז ניט אָנגעשריבן וואָס דו טוסט. דו ביסט מער געלערנט

פון מיינע ברידער, און רעדסט שיין.״ „יאָ, זאָג איך, איך האָב מורא אַז דו וועסט דאַרפן ליידן, דו ביסט ניט געוואוינט צו אַזאַ לעבן. „איך בין גרייט, ענטפערט זי מיר, אויף אַלץ. מען קען אויך אין ליידן געפינען פריידן.״ איך וואָלט ניט געוועזן שטאַרק געגנוג זי צו פאַרלאָזן, ווען ס׳קומט מיר ניט אָן אַ שיפס־קאַרטע צו פאָרן קיין אַמעריקע. זי וויל פאָרן מיט מיר; איך זאָג איר אָבער, אַז דערווייל וועל איך פאָרן, און דערנאָך וועלן מיר זען, ווי די אומשטענדן וועלן זיין. פון אָט דער הערלעכער שיינער פּערזאָן איז ביי מיר פאַרבליבן איר בילד מיט זייער אַ שיינעם אָנדענקען.

* * *

גלייך נאָך פּסח פאָר איך קיין אַמעריקע. דער טאָג, ווען איך דאַרף פאַרלאָזן מיינע עלטערן, איז געווען זייער אַ שווערער. דער טאַטע, אַביסל אַ קעלטערער מענטש, האָט ניט אַזוי געליטן; די מאַמע, וואָס זי פלעגט שטענדיק זאָגן, אַז איך בין אירע אויגן אין קאָפּ — פאַר איר איז זייער שווער געווען מיט מיר זיך צעשיידן. מיר זיינען שוין אויפן וואַק־זאַל. דער באַן קומט אָן. איך הויב זיך אָן צו געזעגענען מיט דער מאַמען, מען קען אונז ניט פונאַנדעררייסן. מען טראָגט מיך אַריין אין וואַגאָן, איך בין געווען באַוואוסטלאָז.

איך האָב נאָך געהאַט זיך צו געזעגענען אין פיר שטעט איידער איך פאַרלאָז רוסלאַנד. אין פּאָניעוועזש, וואו איך האָב אַסך יאָרן געאַרבעט. איך געזעגן זיך דאָרטן מיט די חברים. אין שאַדאָווע וואַרט אויף מיר רעבעקאַ מיט אַ גרופּע חברים. איך זע נאָך אירע טרערן. איך שטעל זיך

אויך אַפּ אַפּ אין ראדזיווילישאַק, וואו איך פלעג אַפט קומען ריידן. אַ טייערע גרופּע דאָרט געווען. איך קום קיין ליבאַווע, וואו איך בין אַ מענטש געוואָרן, געקעמפט און געליטן. און טאַקע דאַ זעץ איך זיך אויפן שיף צו פאָרן קיין אַמעריקע, אָבער שרייבנדיק די דאָזיקע שורות, עקבערט מיר דער געדאַנק — וואָס איז געוואָרן פון די אַלע שטעט און שטעטלעך, וואו איך האָב געלעבט און געקעמפט? איז דאַ אַן אָנדענק פון אונזערע ליבסטע און טייערע? ניין, ס'איז גאָרניט געבליבן. אַלץ איז חרוב. פון דווינסק ביז ליבאַווע — וואו שטאָט און שטעטל איז מיר געווען אַזוי באַקאנט — אַלץ איז פאַרברענט! מיין געבוירן שטעטל, קופּישאַק, וואו נאָך מיין אוועקפאָרן איז געווען וועלטלעכע שולן און עס איז געווען אַ געזעלשאַפטלעך לעבן, איז איצט אויך חרוב. אין דעם זעלבן בית־המדרש, וואו איך האָב מיט 47 יאָר צוריק גערעדט, האָבן די נאַצים צוזאַמענגעטריבן 800 יידן; אויף דער בימה האָט מען אַרויפגערופן מיינעם אַ לאַנדסמאַן, וועלכער איז שוין געווען אַ פאַרפייניקטער, די ציינער אויסגעשלאָגן, אַ צעהרגעטער און אַ צעקלאַפּטער. דער היטלעריסט זאָגט צו אים:

— „נו, באַווייז די קונסט פון ריידן."

דער פאַרפייניקטער ברודער מיינער ענטפערט אים:

— „קיינער פון מיין פאָלק איז ניט געווען קיין פאַררעטער און אויך איך וועל מיין פאָלק ניט פאַרראַטן."

אַ קויל האָט צעלעכערט זיין ברוסט. די אַלע 800 יידן, וואָס מען האָט צונויפגעטריבן אין שול אריין, האָט מען מיט ביקסן צעשאָסן.

## מיינע ערשטע יאָרן אין אַמעריקע

קיין אַמעריקע בין איך געקומען דעם 7טן יוני, 1906. אין יענער צייט איז די אימיגראַציע נאָך ניט געווען באַגרע־נעצט, יעדן טאָג פלעגן אָנקומען טויזנטער עמיגראַנטן; ניו־יאָרק איז געווען פאַרפלייצט פון אימיגראַנטן. געקומען בין איך צו אַן אָרעמער שוועסטער און שוואָגער, וואָס האָבן גע־האַט צוויי קינדער. מיין שוואָגער האָט פאַרדינט צען דאָלער אַ וואָך. פאַרשטייט זיך, אַז זיי האָבן פאַר מיר ווייניק וואָס געקענט טון. ביים אַראָפּגיין פונם שיף האָב איך פאַרמאָגט אַ קאַפּיטאַל פון גאַנצע 50 סענט.

מיינע קרובים האָבן מיך ביים שיף ניט באַגעגנט, אַראָפּ־גענומען האָט מיך דער „האיאַס", און האָט מיר געגעבן אַ מעגלעכקייט איבערצונעכטיקן די ערשטע נאַכט. אויף מאָרגן בין איך געגאַנגען אָפּזוכן מיין שוועסטער. גרינג איז דאָס מיר ניט אָנגעקומען, ווייל ס'איז געווען אַ טעות אין אַדרעס. ענדלעך האָב איך זי געפונען. אויפגענומען האָט מיר מיין שוועסטער מיט ליבע און פרייד. אַ קרוב איז געקומען מיט מיר זיך זען און גיט מיר צו האָפענונגען זיך איינצואָרדענען. אַמעריקע, זאָגט ער, איז אַ גרוים לאַנד מיט אַ סך מעג־לעכקייטן.

איך האָב אָנגעהויבן זוכן אַרבעט. דער וועג איז גע־

ווען זייער אַ שווערער. מיין געשיכטע איז געווים ענלעך צו דער געשיכטע פון אַ סך אַנדערע אימיגראַנטן. אין גאַנג פון מיין באַשרייבונג וועט מיר נאָך אויסקומען צו דערציילן אייניקע איינצלהייטן. מיין שוועסטער איז טאַקע געווען גוט צו מיר, נאָר מער ווי אַ וואָך האָב איך ביי איר ניט געקענט בלייבן. זי האָט געוואוינט אַפּ־טאַון, אָבער אַרבעט האָב איך געקענט געפינען דאַון־טאַון, וואו אַלע גרינע האָבן דאַן געלעבט. האָב איך געדאַרפט אַלע טאָג פאָרן אַהין, אָבער קיין ניקל אויף צו פאָרן איז ניט געווען. פלעגט מען „לייען" פון דער בלעכענער פּושקע, וואָס איז געהאַנגען אויף דער וואַנט. קיין סך פּענים זיינען אין דער פּושקע ניט געווען און זיי האָבן זיך טאַקע גיך אויסגעלאָזט; פלעגט מיין שוועסטער גיין לייען ביי די שכנים אַ ניקל. ס'איז מיר געווען זייער ניט אַנגענעם אַזאַ זאַך, האָב איך געזאָגט מיין שוועסטער, אַז איך האָב געקראָגן אַרבעט און איך וועל שלאָפן אין שאַפּ. דער אמת איז געווען, אַז קיין אַרבעט האָב איך נאָך ניט געהאַט און קיין פּעני אין קעשענע אויך ניט. פאַר מיר אָבער איז אַזאַ מצב קיין נייס ניט געווען. האָב איך דען אין דווינסק אָדער אין ליבאַווע ניט געליטן קיין הונגער? דער אונטער־שייד איז נאָר געווען אין דעם, וואָס דאָרט איז אַ גראָשן, אָדער אַפילו אַ האַלבער גראָשן, געווען אַ מטבע און דאַ האָט מען געדאַרפט האָבן סענטן. אויפן קאָרנער העסטער און עסעקס סטריט פלעג איך קויפן פאַר צוויי סענט ברויט און דערמיט אָפּקומען דעם טאָג; אָבער מיטן נעכטיקן איז געווען זייער אַ שווערע פּראָבלעם. כ'האָב געהאַט אַ חבר, מיינער

אַ געוועזענער תלמיד, פלעגט ער מיך בייגאַכט אַריינגעמען צו זיך אין צימערל אויף העגרי סטריט. די בעל־הביתטע האָט זיך אינגיכן געכאַפּט, האָט זי אָנגעהויבן צו מאַכן גע־וואַלדן, זי האָט געוואָלט נאָך אַ דאָלער מיט פופציק סענט אַ חודש.

אַזוי האָבן געלעבט אַ סך טויזנטער אימיגראַנטן. מיך האָט דאָס ניט איבערראַשט, ווייל וואו ס׳איז דאָ אַ סך רייכ־קייט, מוז אויך זיין אַ גרויסע אָרעמקייט. דאָס האָב איך שוין געוואוסט פון פריער, איך בין דאָך שוין דורכגעגאַנגען אין משך פון זעקס יאָר אַ מאַרקסיסטישע שולע, האָב איך שוין געקענט גאַנץ גוט דאָס לעבן. און האָבן דען ניט באַ־זונגען די שרעקלעכע אָרעמקייט אונזערע שרייבער און דיכ־טער — מאָרים ראָזענפעלד, באָוושאָווער, דער זיידע ווינ־טשעווסקי, און אַנדערע.

שווער איז געווען צו פירן דעם קאַמף פאַר אַ שטיקל ברויט, אָבער נאָך שווערער איז פאַר מיר געווען זיך צו־צופּאַסן צו דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע. די רעוואָלוציע אין רוסלאַנד האָט אויף אַ ווייל מיך אויפ־געהויבן אויף אַ געוויסער הויך. דאָרט בין איך געווען אַ רעדנער, אַן אָנפירער, אַ טוער, און מיט אַמאָל בין איך גע־וואָרן אַ גאָרנישט. דאָ אין אַמעריקע איז מען אָדער גאָר גרויס אָדער גאָרניט. די ערשטע צייט האָב איך זיך אינ־גאַנצן פאַרלאָרן. יוסף שלאָסבערג און דוד פּינסקי האָבן דעמאָלט אַרויסגעגעבן דעם וואָכנבלאַט „דער אַרבעטער״, דער יידישער אָרגאַן פון דער ס. ל. פּ. מיט דער ריכטונג פון

דער פארטיי בין איך מסכים געווען, נאר איך בין אין רוס־לאנד געוואוינט געווען צו א מאסן־באוועגונג, איז דא פאר מיר געווען צו רואיק און צו שטיל. איך האב זיך ניט געקענט צופאסן צו דער סאציאליסטישער לייבאר פארטיי (ס. ל. פּ.). אין דער סאציאליסטישער פארטיי (ס. פּ.) איז שוין געווען פיל לעבעדיקער.

פאר א צייט בין איך אריין אין מיין ארגאניזאציע, דעם „בונד". דעמאלט, אין 1906, זיינען פארגעקומען די וואלן פארן קאנגרעס. די ס. פּ. האט ארויסגעשטעלט מארים היל־קוויט אלס קאנדידאט, און איך האב מיטגעהאלפן אין דעם וואל־קאמפּעין. צו דעם היגן גייסטיקן לעבן וואלט איך זיך שוין געקענט צופאסן, אבער מאטעריעל איז געווען זייער שלעכט; כאטש איך בין אריין אין דער יוניאן, אבער קיין ארבעט איז ניט געווען. איך שרייב א בריוו צו מיינעם א חבר אין שטעטל לין, אפשר וועט דארטן זיין פאר מיר אר־בעט. מען הייסט מיר אהין קומען, קיין הונגער וועל איך דארטן ניט ליידן. איך פארלאז ניו־יארק מיט פארדרוס.

לין האט אויסגעזען ווי א סיבירער דערפל, פארשאטן מיט שניי און קאלט איז געווען; אבער נאך קעלטער איז מיר געווען אויף דער נשמה — זיך אפגעריסן פון אלץ און אלעמען. ס'האט מיך געפּייניקט א געדאנק, צי וועל איך זיך דא קענען איינלעבן, צי וועל איך מוזן זוכן אן אנדער ארט, וואו צו בויען א נעסט. ווען איך זאל געווען האבן אין קעשענע עטלעכע דאלער, וואלט איך גלייך ערגעץ וואו אוועקגעפארן, נאר פארמאגט האב איך אינגאנצן 60 סענט.

נו, מוז מען בלייבן דאָ. געקראָגן קוואַרטיר ביי אַ פרוי מיט דריי קינדער; די קוואַרטיר איז באַשטאַנען פון פיר צימער־לעך אין אַ בוידעם־שטיבל. אַ חוץ דער פאַמיליע האָבן דאָרט געלעבט אַכט „באָרדערס”. איך געדענק זייער גוט, אַז אין איין קליין געבויגן צימער מיט אַ קליין פענסטערל, וואָס מען האָט געקענט זעלטן עפענען, האָבן געוואוינט זעקס בחורים. ווי אַזוי מיר זיינען ניט דערשטיקט געוואָרן, איז אַ רעטעניש. עסן האָט מען אונז דאָ געגעבן אַ סך: צום פרישטיק אַ פיינקאַכן מיט בולקעס, פלעגן מיר אויפעסן דריי שטיק, אייניקע אפילו פיר; וואַרעמעס עסן פלעגן מיר קומען אַהיים, און מ׳פלעגט אונז געבן פלייש מיט אַלערליי געפילעכצן, קישקע, לונגען, גאַנצע שיסלען מיט זופּ און לאַבנס ברויט; אויך צום אָוונט־ברויט האָבן מיר געקראָגן אַ סך צו עסן — אַלץ איז געווען אַ סך. און פאַר דעם אַלעמען האָט מען גע־צאָלט צו דריי דאָלער אַ וואָך. וועש פלעגן מיר אַליין וואַשן. אויסגאַבן האָב איך געהאַט זייער קליינע: זיבן סענט אַ וואָך פאַרן „פאָרוווערטס” און צען סענט אַ חודש פאַר דער „צוקונפט”. די פאַרדינסטן אונזערע זיינען אָבער אויך גע־ווען גאָר קליינע.

מיין לאַנדסמאַן האָט מיך אַוועקגעפירט אין אַ שוך־פאַבריק, מען האָט דאָרט געדאַרפט האָבן אַ „באָי”. שכירות, זעקס דאָלער אַ וואָך. גוט, איך בין מסכים אָנצונעמען די אַרבעט, נאָר דער פאָרמאַן שטעלט מיר אַ תנאי — איך זאָל אַראָפּנעמען די וואָנצעס. וואָס האָבן די וואָנצעס צו טון מיט מיין דזשאָב? דער פאָרמאַן זאָגט מיר, אַז איך קוק

אוים ווי אַ מאַן און דער דזשאָב איז פּאַר אַ באָי. איך זאָג אים — „וואָס אַרט אייך מיינע וואָנצעס, איך בין גרייט צו אַרבעטן פאַר די זעקס דאָלער.״ „ניין,״ ענטפערט ער מיר, איך מוז אָפּשערן די וואָנצעס. איך האָב זיך געפילט באַליידיקט, אָבער קיין ברירה האָב איך ניט געהאַט, וואָס טוט מען ניט צוליב אַ שטיקל ברויט.

אין לין איז קיין סימן פון געזעלשאַפטלעך לעבן ניט געווען. יידישע אַרבעטער זיינען געווען אַ סך, על פּי רוב גרינע; פלעגן זיי אַרומבלאָנקען איבער די גאַסן און ניט געהאַט וואוהין אַריינצוגיין.

מיט געזעלשאַפטלעכער אַרבעט האָב איך זיך איצט ניט געקענט פאַרנעמען, איך האָב געמוזט זאָרגן פאַר מיין פאַמיליע. אין דער היים האָב איך איבערגעלאָזט אַלטע קראַנקע עלטערן מיט אַ שוועסטער, וואָס איך האָב זי געמוזט אַריבערנעמען אַהער. די עלטערן העלפן האָט מען אויך באַדאַרפט; דאָס אַלץ פון די זעקס דאָלער אַ וואָך וואָס איך האָב פאַרדינט. מיר איז קיין זאַך ניט אָנגעגאַנגען, ווי נאָר העלפן מיין אָרעמער פאַמיליע. האָב איך ביי באַקאַנטע געליען אַביסל געלט, אַריבערגענומען אַהער די שוועסטער, און נאָך געשיקט אַביסל געלט צו די עלטערן אויף פּסח. איך האָב דערפילט אַ הייליקע פליכט פון אַ קינד צו זיין משפּחה.

קיין לין איז געקומען צו לייענען אַ לעקציע דער אַנאַרכיסט וויינבערג, פון פילאַדעלפיע; אָדער, ווי מען האָט אים גערופן, וויינבערג דער הינקענדיקער. מיט 46 יאָר צוריק איז ער געווען זייער גוט באַקאַנט. די טעמע פון זיין לעקציע

איז געווען „פרייע ליבע״. אין יענער צייט איז דאָס געווען זייער אַ פּאָפּולערע טעמע. אויף דעם אָוונט האָב איך זיך געטראָפן מיט סאָציאַליסטן, בונדיסטן; צווישן זיי איז אויך געווען היימאַן לין, מיט וועמען איך האָב אָנגעהאַלטן פריינטשאַפט ביז צו ענדע פון זיין לעבן. אין יענער נאַכט האָט זיך אַ שטראַל פון ליכט צו מיר באַוויזן. די גאַנצע צייט וואָס איך בין געווען אין לין, האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז גייסטיק וועל איך דאָ דערשטיקט ווערן. איינזאַם בין איך געווען, האָב איך אָפט געטראַכט, אַז איך וועל מוזן פון דאַנען אַנטלויפן, אָבער איצט האָט זיך די לאַגע געענדערט. מיר האָבן זיך מיט אייניקע מענטשן צונויפגערעדט, מיר זאָלן דאָ אָרגאַניזירן אַ סאָציאַליסטישן ברענטש, גרינדן אַ ביבליאָטעק, דינגען אַ האָל, ס׳זאָל זיין וואוהין אַריינצוגיין. אין לין איז פריער מיט אַ פּאָר יאָר געווען אַ גרופּע אַנאַרכיסטן, דערנאָך איז זי צעפאַלן. דאָס איז געווען אין יאָהאַן מאָסט׳ס צייטן, עמאַ גאָלדמאַן פלעגט גאַנץ אָפט קומען אַהער. עטלעכע מענטשן פון דער גרופּע זיינען געווען גאַנץ אינטעליגענטע. דער אַנאַרכיסטישער זשורנאַל, „די פרייע אַרבעטער שטימע״, פלעגט זיך דאָ זייער פיעל פאַרקויפן.

זומער 1907 האָבן מיר אָרגאַניזירט אַ סאָציאַליסטישן ברענטש, סעם גאָלדמאַן איז געווען דער סעקרעטאַר.

אָט איז שוין אַ יאָר צייט ווי איך בין אין אַמעריקע, און מיין שוועסטער איז שוין אויך דאָ, איז מיר געוואָרן אַביסל לייכטער, איך האָב שוין נאָר געדאַרפט העלפן מיינע עלטערן אין דער היים, הגם קיין גרויסער פאַרדינער בין איך נאָך

ניט געווען. מיין מורא פאַר הונגערן האָט מיך געהאַלטן צוגעשמידט צום דזשאָב. איך האָב אָנגעהויבן צו טראַכטן וועגן אַ תכלית. כ׳ווייס אַז אין אַמעריקע זיינען דאָ מעג־לעכקייטן, מען דאַרף נאָר פּרואוון. אפשר זיך נעמען לער־נען? קיין עלעמענטאַרע בילדונג באַזיץ איך ניט; די פּאָר אָוונטן וואָס איך גיי אין אַ אָוונט־שולע גיבן מיר ווייניק וואָס. דערצו איז מיין קאָפּ שטענדיק געווען פאַרנומען מיט העכערע אידעאַלן, מיט וועלטלעכע פּראָבלעמען, מיט עקאָ־נאָמישע און פּאָליטישע פראַגעס, און דאָ האָב איך ערשט געדאַרפט אָנהויבן פונם אַלף־בית. האָב איך באַשלאָסן, אַז וועגן אָנהויבן לערנען איז ניטאָ וואָס צו ריידן. מען מוז זיך צופּאַסן צו די היגע אומשטענדן — מ׳דאַרף ניט זיין קיין פרעמדער, מען מוז זיך באַקאַנען מיט דער געשיכטע פון אַמעריקע, מען דאַרף אַריין אין דער יוניאָן און ווערן אַקטיוו. שפּעטער אַביסל האָב איך דאָס טאַקע געטאָן. איך האָב זיך אויך געמוזט צולערנען ענגליש, ווייל אונזער פאַך האָט זיך ניט געפונען אין יידישע הענט.

אונזער גרופּע יידיש־רעדנדיקע חברים זיינען געווען טעטיק אין דער יידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. איך וויל דאָ דערמאָנען אַ פּאָר חברים, מיט וועמען מיר איז אויס־געקומען צו אַרבעטן אין דער אָרגאַניזאַציע. דאָס זיינען געווען היימען לין און סאַל גודמאַן.

היימען לין איז נאָך אין רוסלאַנד געווען אַקטיוו אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, און איז געווען פאַרשיקט אין סיביר. ער האָט געקענט האַלטן אַ רעדע. ווען מיר

## עפּיזאָדן פון מיין לעבן

האָבן אָרגאַניזירט אַ סטייט-קאָמיטעט, איז דער ערשטער סעקרעטאר געווען ס. ד. לעווין, דער צווייטער — היימען לין, וועלכער איז פאַרבליבן מיין פערזענלעכער פריינד זיין גאַנצן לעבן. סאל גודמאַן און איך האָבן זיך באקענט אין יאָר 1907. ער איז אַהער געקומען פון אדעסער קרייז, באַזיצט געוויסע טעכנישע בילדונג — געווען אַ דרעפטס-מען אין דזשענעראל עלעקטריק. ער איז געווען אַקטיוו אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, אין דער יוניאָן און אין אַרבעטער-רינג. דערצו נאָך איז ער אַ ליבער מענטש און אַ גוטער חבר. נאָך איצט, ווען איך שרייב די דאָזיקע שורות אין אַ סאנאטאָריע, קריג איך פון אים יעדע וואָך אַ בריוו. ער היט מיך אָפּ ווי זיין קינד, וואָס דאָס איז אַ זעלטנקייט אין אַמעריקע.

אַזוי איז פון דעם „סיבירער שטעטל", וואָס לין איז ביז דאַן געווען צו מיר, אין אַ קורצער צייט געוואָרן אַ ברויזנדיקע שטאָט; אָבער די הונדערטער יידישע אַרבעטער האָבן ניט געהאַט קיין היים, וואוהין אַריינצוגיין. מען האָט באַדארפט האָבן אַן אָרט וואו מען זאָל זיך קענען געזעלשאַפטלעך אויסלעבן. דער סאָציאַליסטישער ברענטש האָט דאָס ניט געקענט איינאָרדענען, האָבן מיר געדונגען אַ גרויסן האָל, אויף מאָנראָו סטריט, איינגעאָרדנט דאָרט די ביבליאָטעק, געלייענט דאָרט לעקציעס, געמאַכט שבת-צו-נאַכט טאַנץ-אָוונטן, און אַזוי האָבן מיר אַריינגעצויגן עטלעכע הונדערט מענטשן. דערמיט האָט מען אויפגעלעבט דאָס ראַדיקאַלע יידישע לעבן אין לין.

חיים ווייגדערסאָן, וועלכער איז נאָך איצט אַקטיוו אין געזעלשאַפטלעכן לעבן, איז דעמאָלט געווען דער אַגענט פונם זשורנאַל „צוקונפט" און אַנדערע יידישע זשורנאַלן. ער פלעגט צו אונז אָפט קומען לייענען לעקציעס. דערהויפּט פלעגט ער זיך אַרומרייסן מיט די אַנאַרכיסטן. דערנאָך האָט ער זיך באַזעצט אין באָסטאָן.

אין יענעם יאָר, 1907-1908, האָבן מיר געגרינדעט אַ קאָאָפּעראַטיווע בעקעריי. די בעקעריי האָט אַריינגעצויגן די ברייטסטע מאַסן פון אונזער שטאָט, און איז אָנגעפירט געוואָרן פון דעם סאָציאַליסטישן ברענטש. דער מענעדזשער פון דער בעקעריי איז געווען לעווין, דער פאָטער פון מאיר לעווין, דער העלד פון דער צווייטער וועלט-מלחמה.

איך האָב זיך אין יענער צייט דער עיקר אָפּגעגעבן מיט דער סאָציאַליסטישער אַרבעט. דאָס האָט ביי מיר צוגענומען די גאַנצע פרייע צייט. עס פלעגן צו אונז אָפט אַראָפּקומען פאַרטרעטער פון „בונד". אין 1907 איז געקומען רפאל אַבראַמאָוויטש, איך האָב אים, פאַרשטייט זיך, געהאָלפן אין דער אַרבעט. אין 1908 האָבן מיר אַראָפּגעבראַכט וולאַדעקן, דעם יונגען „לאַסאַל". איך האָב אָנגעשריבן אַ „הענדביל", וואו איך האָב רעקלאַמירט וולאַדעקן. ווען וולאַדעק האָט איבערגעלייענט דאָס בלעטל, האָט ער אַ שמייכל געטאָן און ער גיט מיך אַ פרעג: „ווי לאַנג זענט איר, חבר יאָפּפּע, דאָ אין לאַנד" ? איך ענטפער אים: „צוויי יאָר בין איך דאָ." „ווי גיך," זאָגט ער מיר, „האָט איר זיך אַמעריקאַניזירט; דאָ מוז מען קענען רעקלאַמע." אינגיכן

זיינען אַהער געקומען מאַקס גאָלדפאַרב (דוד ליפּעץ), משה אָלגין און אַנדערע.

אין דעם זעלבן יאָר, 1908, האָט זיך אין לין געגרינדעט אַ „סאַנדעי סקול״ אויף ענגליש. אַנגעפירט מיט דער שול האָט מעקס קערעס. מיר האָבן אָנגעהויבן צו פירן אַ קאַמף פאַר יידיש. לכתחילה האָט מען זיך פון אונז אויסגעלאַכט, „די גרינהאָרנס ווילן אַ יידישע שול״; מיר אָבער האָבן ווײַטער אָנגעפירט אונזער קאַמף, און אין 1910 האָבן מיר אין לין געגרינדעט די ערשטע יידישע שול.

## געקרייזלטע האָר

מען האָט מיר פאָרגעלייגט צו ווערן אַן אָרגאַניזירער (אָרגאַנייזער). דעם פאָרשלאַג האָט געמאַכט חבר קופּער. פאַר מיר האָט דאָס געהייסן, איך זאָל זיך אָפּזאָגן פון מיין פאַך און ווערן אַ פּראָפעסיאָנאַל. איך האָב זיך שטענדיק געהיט אַזאַ זאַך צו טון. פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט. איך האָב אַלץ געטאָן וואָס איז געווען אין מיינע כוחות פאַר דער באַוועגונג, אָבער ניט באַצאָלטערהייט; זיין שטענדיק אין די ערשטע רייען, דאָס איז ניט געלעגן אין מיין כאַראַקטער. ספּעציעל דאָ אין אַמעריקע האָט מען באַדאַרפט האָבן גאָר שטאַרקע אָרעמס ארויפצושטופּן זיך אויבן־אָן. איך בין אַלע מיינע יאָרן געווען צופרידן ניט שטייענדיק אין פראָנט, איך האָב ליב צו טון מיין אַרבעט שטילערהייט. ווען מיר האָבן אין לין אָרגאַ־

ניזירט די בעקער־אַרבעטער, איז דער אָרגאַנייזער געוואָרן ס. גודמאַן; ביי די מענער־שניידער, בין איך געוואָרן דער אָרגאַנייזער; אָבער ווען מען האָט אָנגעהויבן צו ריידן, אַז דער דזשאָב דאַרף זיין אַ באַצאָלטער, האָב איך רעזיגנירט. נייטען גאָרדאָן איז אויסגעוויילט געוואָרן אויף מיין אָרט, מיט אַ געהאַלט פון 40 דאָלער אַ וואָך. איך בין געווען זייער צופרידן וואָס איך האָב געדינט מיין באַוועגונג אָן אַ סענט געלט.

סוף 1908 האָבן מיר אָרגאַניזירט אַ בראַנטש פון ניו־יאָרקער אַרבעטער רינג. עס איז דעמאָלט אָנגעגאַנגען אַ שטורמדיקער קאַמף צווישן דעם ניו־יאָרקער אַרבעטער רינג מיט דעם אינדעפּענדענט אַרבעטער רינג. איך בין געווען דער ערשטער סעקרעטאַר פון אונזער לינער בראַנטש. וועגן דער געשיכטע פון אַרבעטער רינג וועל איך דאָ ניט ריידן, וועגן דעם האָט מען שוין אַ סך געשריבן. אַגב, וויל איך דאָ באַמערקן, אַז ביז היינט צו טאָג, און דאָס איז שוין אַ קימאַ־לן פון אַ יאָר 44, בין איך אַ מיטגליד פונם אַרבעטער רינג.

אונזער סאָציאַליסטישע גרופּע האָט זיך געהאַלטן וואָס ווייטער פונם קאַמף, מיר האָבן זיך געסטאַרעט צו לעבן בשלום סיי מיט דעם אינדעפּענדענט און סיי מיט דעם ניו־יאָרקער אַרבעטער רינג. פאַר אונז איז וויכטיק געווען בלויז די סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע; האָבן מיר זיך צע־טיילט אין צוויי גרופּן: אַ טייל פון אונז איז אַריין אין אינדע־פּענדט, איך מיט נאָך אַ פּאָר האָבן זיך פאַרבונדן מיטן ניו־

יאָרקער ברענטש. מיין סאָציאַליסטישער קוק אויף זאַכן האָט מיר אונטערגעזאָגט, אַז סוף כל סוף וועלן זיך די אַר־בעטער פון ביידע אָרדנס פאַראייניקן. אמת, ס׳האָט גענומען יאָרן ביז די פאַראייניקונג איז פאָרגעקומען, אָבער איך האָב נאָך דערלעבט צו זען, אַז מיין קוק איז דעמאָלט געווען אַ ריכטיקער.

דאָס יאָר 1909 איז פאַר מיר געווען זייער אַ שווערס. איך בין געווען שטאַרק אויסגעמאַטערט פון די אַלע פאַרשיי־דענע אַרבעטן וואָס מיר איז אויסגעקומען צו טון. געדריקט מיך האָט צום שטאַרקסטן אָבער די איינזאַמקייט — ס׳איז ניט געווען וואוהין אַריינצוגיין, מען זאָל קענען אַביסל פאַר־ברענגען — ווידער אַ מיטינג, און נאָך אַמאָל מיטינג, ניט מער; אויסער דעם איז ניטאָ וואו זיך אַהינצוטון, גלייך ס׳איז קיינער ניטאָ אויף דער וועלט.

אין די יאָרן 1908־1909 איז אין לאַנד געווען אַן עקאָ־נאָמישער קריזיס; אַ שוך־אַרבעטער האָט פאַרדינט אין דורכ־שניט ביי אַ 12־15 דאָלער אַ וואָך. במילא איז דאָס לעבן אונזערס געווען אַ קלאָגעדיקס. אונטער דער אָנפירונג פון אַ סאָציאַליסט איז אַרויסגערופן געוואָרן אַן אַלגעמיינער סטרייק פון די שיך־אַרבעטער. ס׳זיינען אַרויס אין סטרייק 30,000 אַרבעטער. דעם סטרייק האָבן מיר געוואונען — אונ־זערע ווייִדזשעס זיינען פאַרדאָפּלט געוואָרן און די באַדינ־גונגען אין אַלגעמיין זיינען געוואָרן מענטשלעכער. דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן האָב איך דערפילט די גרויסע מאַכט פון די אַרבעטער. אונזער גרופּע, די יידישע סאָצי־

אַליסטן, האָבן זיך אַקטיוו באַטייליקט אין דעם סטרייק, אייניקע פון זיי זיינען געווען צווישן די אָנפירערס.

מיך האָט מען אויסגעקליבן פאַרן שאָפּ-טשערמאַן פון מיין לאָקאַל, מאַכט האָב איך געהאַט מער ווי די פּאַרלייט. איך, אַ האַלב גרינער ייד, האָב אָנגעפירט מיט דער יוניאָן אַרבעט. מיינע פאַרדינסטן זיינען אין דער צייט אויך געווען גוט. איך האָב נאָך פון דער יוניאָן אויך באַקומען אַ פּאָר דאָלער אַ וואָך פאַר מיין אַרבעט. כאָטש מאַטעריעל איז מיר געוואָרן אַ סך בעסער, אָבער אינגאַנצן צופרידן בין איך נאָך אַלץ ניט געווען. ווי אַ שאָפּ-אַרבעטער, האָב איך ניט געהאַט קיין חשק אויפצובויען אַ פאַמיליע.

איך האָב זיך באַקאַנט מיט אַ יידישער פאַמיליע קאַ־מינסקי, און אַ דאַנק דעם, בין איך שוין ניט געווען אַזוי שטאַרק איינזאַם, ס'איז שוין געווען וואוהין אַריינצוגיין. די פאַמיליע איז געווען זייער אַ פריינדלעכע, און ס'איז ניט גע־ווען קיין וואָך, וואָס איך זאָל דאָרטן ניט זיין. די פרוי קאַ־מינסקי האָט זיך באַצויגן צו מיר ווי אַן אייגענע מוטער. איך בין ביי זיי געווען ווי אַן אייגענער מענטש. דאָרט אין הויז איז אויך געווען אַ שוועסטער, און ס'האָט זיך געדאַכט, אַז אָט־אָט וועט דער גאָט פון ליבע אונז צונויפפירן. גייט אָבער דאָס לעבן ניט מיטן גלייכן וועג, נאָר מיט זיגזאַגן — איז מען צו קלוג, טויג ניט; איז מען נאַריש, טויג אוודאי ניט. צו די קאַמינסקים פלעגן אַריינקומען כמעט אַלע אונזערע חברים; געמיינט האָט מען, אַז איינער פון אונז וועט געוויס חתונה האָבן מיט בעקען. צום באַדויערן אָבער, איז זי גע־

בליבן ניט פאַרהייראַט. קלוג איז זי געווען, אפשר שוין צו קלוג. מיר דאַכט זיך, אַז דאָס איז טאַקע געווען איינע פון די סיבות וואָס זי האָט ניט חתונה געהאַט. בעקע איז געווען זייער אַ בראַווער מענטש. איך האָב פאַר איר אָנגעשריבן אַ ליד, וואָס איך האָב פאַרענדיקט מיט אַזאַ פערז: „איך זאָג און שווער, דו ביסט פריי פון מיין אמאָליקן באַגער".

זומער 1910 האָב איך איבערגעגעבן די באַוועגונגס־אַרבעט און אויף די זומער־חדשים בין איך אַרויסגעפאָרן אין רעוויער ביים ים, דאָרט האָב איך זיך באַקענט מיט נייע מענטשן און בכלל גוט פאַרבראַכט די צייט. פאַר מיר איז דאָס געווען אַ נייס, ביז אַהער האָב איך דאָך פון קיין אַנדער לעבן, חוץ דער באַוועגונגס־אַרבעט, ניט געוואוסט. די לע־רערין רעבעקאַ סאלאָמאָן, די גבירישע טאָכטער פון שאוועל, האָט נאָך אין רוסלאַנד זייער ריכטיק באַמערקט, אַז איך בין „פאַרקנסט צו דער רעוואָלוציע", און דאָס איז געווען אַן אמת.

דעם זומער האָב איך זיך דאָ באַקענט מיט אייניקע פאַמיליעס. איין מאָל אין אַ זונטאָג האָט מיך מיינער אַ פריינד מיטגענומען צו זיינער אַ באַקאַנטער פאַמיליע, וואו עס קומען אריין אינטעליגענטע מענטשן. בא דער דאָזיקער פאַמיליע טאַקע האָב איך זיך געטראָפן מיט מיין צו־קונפטיקער פרוי. די הויז איז געווען אַ בעל־הביתישע, און מען האָט געלעבט זייער רואיק; ס'איז געווען קענטיק, אַז דאָ האָט מען זיך קיינמאָל ניט געקריגט. דער אַלטער פאָטער, מיט אַ פאַטריאַרכאַלן אויסזען, איז געווען ענלעך צו ר' יצחק

אלחנן, און אפשר נאך שענער פון אים — שיין, הויך, ברייט, מיט א שמייכל אויף די ליפן, פול מיט גוטסקייט; די קליידונג, אלט־מאדיש. ער האט זיך גארניט אריינגעפאסט אין דער סביבה, גיכער פון אלץ וואלט ער זיך געדארפט געפינען צווישן לומדים. דא אין הויז, צווישן דער יוגנט, האט ער זיך געפילט ווי פארלוירן. די מאמע איז קענטיק אמאל גע־ווען א שיינע, איצט באמערקט מען סימנים פון ליידן. זי מאכט אבער אן איינדרוק, אז אין כעס ווערט זי קיינמאל ניט, זי גייט ארום איבערן הויז ווי א שטילע טויב.

דריי טעכטער האבן זיי געהאט. די עלטערע — שיין, הויך, שלאנק, שטיל — שוין אביסל צו פיל שטיל — א פאר־זיכיקע, באטייליקט זיך זעלטן אין געשפרעכן; זי איז צו שטיל פארן קאכעדיקן לעבן. די מיטעלע — א קאפ גע־קרייזלטע האר, גייט אביסל איינגעבויגן, די אויגן קליינע, אבער דערפאר צוויי גליענדיקע פונקען, דאס פנים רויז־רויט־לעך, נאטירלעך, געזונט. זי רוט ניט, זי איז שטענדיק לעבע־דיק, לאכט מיט א געזונטן געלעכטער. איך האב זיך גע־וואונדערט, ווי קען דאס א מענטש אזוי פיל לאכן. איר הענטל פוכיק, ווארעם; ווען זי דריקט די האנט, פילט מען א דרוק פון פריינדשאפט. איר האנט איז שטארק, ווי זי וואלט אייך צושמידן צו זיך. דאס איז געווען דער ערשטער איינדרוק, וואס איך האב געהאט פון דער פאמיליע זעליק־מאן. ביי מיין ערשטן באזוך האט מען דיסקוטירט שעק־ספיר׳ס דראמען. די יינגערע טאכטער איז ניט געווען ביי דער דיסקוסיע, זי האט צוגעגרייט כיבוד פאר די געסט. אט

קומט זי אַריין, וואַרפט אַריין אַ וואָרט אין שמועס, איז דאָס געזאָגט געוואָרן מיט טאַקט און שכל. קענטיק, אַז זי איז אַ קלוגע; און אַזוי האָב איך זי געזען די אַלע יאָרן וואָס מיר איז אויסגעקומען צו לעבן מיט איר אין איין הויז.

זיך אומגעקערט אַהיים. פאַרלאָזן די זעליקמאַן פאַמיליע מיט זייער אַ גוטן איינדרוק. באַגעגענט אַנדערע מענטשן, האָב איך אָנגעהויבן ביסלעכווייז צו פאַרגעסן אין זיי. נאָר שטענדיק ביי דער אַרבעט, דערמאָנט זיך מיר די מיטעלע טאָכטער מיט איר פריינדלעכקייט און האַרציקייט. זי האָט געבעטן נאָך אַמאָל קומען צו זיי, האָט זי דאָס געטאָן מיט אַזוי פיל וואַרעמקייט און פריינדלעכקייט, גלייך ווי זי וואָלט אַרויסגעקומען פון אַ רייכער שטוב. אין אָרעמקייט און דחקות וואַקסן אויס קינדער פאַרזויערט און קאַלט; ווי קומט עס צו דער מיידל אַזאַ וואַרעמקייט? אויף אַ דאָרן און קוואַרן באָדן זאָלן וואַקסן בליענדיקע רויזן? אָבער איך ווער גלייך פאַרזונקען אין דעם טומל פון דער פאַבריק, איך פאַרגעס אָן דער מיידל מיט די געקרייזלטע האָר.

עס זיינען שוין אַריבער עטלעכע וואָכן, איך האָב כמעט ווי פאַרגעסן אָן איר, אָבער פון צייט צו צייט קלינגט נאָך אין מיינע אויערן איר געלעכטער. איך בין שטענדיק געווען אַ צוריקגעצויגענער, אַ שטילער, און אָט די פריילעכקייט וואָלט מיך דערפרישט און דערוואַרעמט. ס'האָט זיך געגלוסט אַריינצוגיין נאָך אַמאָל צו די זעליקמאַנס. אין יענער צייט זיינען קיין טעלעפאָנען אין אַזאַ הויז ווי זייערע נאָך

ניט געווען; אַז מען האָט געוואָלט אַריינגיין ערגעץ וואו, איז מען געגאַנגען ניט אָנזאָגענדיק פאַר פריער. פאַר מיר, אַ שעמעדיקן איז געווען זייער שווער צו גיין צו זיי, נאָר וואָס טוט מען ניט ווען דאָס האַרץ נעמט אויפוואַכן?

צו די קאַמינסקים בין איך שוין אַזוי אָפט ניט געגאַנגען, ווייל פון צייט צו צייט פלעג איך באַזוכן די זעליקמאַנס און פאַרבראַכט אויך מיט אַנדערע. ס'האָט זיך אָבער אַזוי גע־מאַכט, אַז מיט די געקרייזלטע האָר פלעג איך זיך טרעפן ניט נאָר ביי זיי אין דער היים; קום איך אין דער אָפּערע — שבת אָוונט פלעג איך געוויינלעך גיין אין דער אָפּערע, ס'האָט געקאָסט 50 סענט — איז ווען מען טרעף איך דאָרט? די וועלכע איך האָב געוואָלט טרעפן. כאָטש מיר זיצן ניט צוזאַמען, אָבער מען טרעפט זיך און מען גייט צוזאַמען אַ שטיק וועג צוריק. אַזוי איז דאָס געווען צענדליגער מאָל. און ווען מען טרעף איך אין פאַרד האָל זונטאג ביינאַכט ביי די וואונדערלעכע לעקציעס? ווידער די, ווען עס ווילט זיך זען — מיס זעליקמאַן, אין אַ ברוינעם פאַר קאָוט, אין אַ שוואַרץ קליידל מיט אַ וועסטל ווייס-רויט אַרומגעניית, דאָס פּנים ראָז. מיר קומען אַהין באַזונדער, אָבער פון דערווייטנס וואַרפט מען זיך צו בליקן, עס ווערט פרייליך. ווער עס זאָל ניט פריער אַרויסגיין, וואַרט מען אויפן צווייטן.

עס קומט ווידער דער זומער, איך וואוין ווידער אין רעוויער ביים ים. אין דעם זעלבן הויז מיט מיר וואוינען צוויי מיידלעך, צוויי וואוילע יידישע טעכטער. מיר פאַר־ברענגען צוזאַמען, מען שטיפט און מען פאַרגעסט די מיד־

קייט פון דער וואָך. די כוואַליעס פונם ים זיינען שטיפערס גרויסע — אַט זיינען זיי גרוים ווי טורעמס און אַט איז דער ים פלאַך, שטיל, רואיק, כאָטש נעם און גיי איבער אים אַריבער. אויך די מענטשן זיינען שטיפערס — די זון ברענט, מען קילט זיך אַלע ווײַלע אין וואַסער, און אַט דאָ אין וואַסער מאַכט מען נאָך אַלע שטיפערישע קונצן — אַלע ווערן ביים ים יונג. אהא, דאַכט זיך, אַט גייט דער געקרייזלטער קאָפּ. איך האָב קיין טעות ניט, און איך בין שוין לעבן איר. איך פאַרגעס, אַז אַט ערשט האָב איך פאַרבראַכט מיט אַנדערע. איך גיי אַוועק אָן אַ זיי־געזונט, כאָטש דאָס איז זייער ניט עטיש. אויף מאָרגן וואַרפן מיר די מיידלעך דאָס פאָר, זיי זיינען פול מיט פאַרדרוס: „אָ, איר בחורים זענט אַלע איינער ווי דער אַנדערער." איך ווייס ניט ווי זיך צו פאַרענטפערן, זיי זיינען גערעכט.

מיין געזעלשאַפטלעכע אַרבעט פאַרלאָז איך פונדעסט־וועגן ניט. די יאָרן 1912־1913 זיינען געווען די אַקטיווסטע יאָרן אין אונזער באַוועגונג. מיט דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג האָט אָנגעפירט י. ב. סאַלוצקי, ער איז געווען דער סעקרעטאַר און רעדאַקטאָר פון „יידישן סאָציאַליסט"; אין סטעיט איז געווען דער סעקרעטאַר לילאָוו — ביידע זייער ענערגישע מענטשן. זיי אַליין האָבן אַ סך געאַרבעט און געווירקט אויף אַנדערע, זיי זאָלן אויך אַרבעטן. דעמאָלט גראַדע איז ביי מיר געווען אַ שטימונג ניט צו זיין אַקטיוו אין דער באַוועגונג, אָבער מען לאָזט דיך ניט אָפּ, דו מוזט אַרבעטן. דאָ איז נאָך געקומען מאַקס גאָלדפאַרב, מיט זיין

גאַנצן ברען האָט ער זיך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט און איז דאָ פאַרבליבן אין סטעיט עטלעכע וואָכן צייט. מיר האָבן דאָ געהאַט פופצן ברענטשעס. גאָלדפאַרב האָט ניט גערוט; גיט אים נאָר אַדרעסן, וועט ער גיין באַזוכן די מענטשן ביי זיי אין דער היים. ער האָט פאַרגעלייגט, אַז איך זאָל איבערנעמען די אַרבעט פון באָסטאָנער ברענטש. איך בין באַשטימט געוואָרן פאַרן פינאַנץ־ און פּראָטאָקאָל־סעקרעטאַר. אין אונזער ברענטש זיינען געווען הונדערט מיטגלידער, אַרבעט זייער אַ סך. ווי איך האָב דאָס באַוויזן אַלץ אָפּצוטון, ווייס איך איצט אַליין אויך ניט. דערצו האָב איך נאָך געדאַרפט שרייבן באַריכטן, און אונזערע באַריכטן זיינען געווען גאַנצע אַרטיקלען. איך האָב אַ טענה, אַז איך בין ניט קיין שרייבער, נאָר גאָלדפאַרב זאָגט מיר, אַז אויב סאָלוצקי איז דער רעדאַקטאָר, דאַרף מען שוין ניט קענען שרייבן — ער וועט שוין צורעכט מאַכן. איך האָב עטלעכע מאָל געשריבן, אָבער מיין שרייבן האָב איך דערנאָך ביים אָפּדרוקן ניט דערקענט, אַזוי האָט סאָלוצקי שטאַרק צורעכט געמאַכט. אין באָסטאָן האָב איך אויך געלייענט לעקציעס. אין נאָרטה ראָסל סטריט פלעג איך לייענען אַלע פּאָר וואָכן, און אַז איך פלעג ביי די לעקציעס דערזען די געשטאַלט וואָס איז מיר ליב געווען, האָב איך גערעדט מיט אַן אַנדער אימפּעט. איין טעמע פון מיינער אַ לעקציע איז געווען „די געשיכטע פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג", דאָ האָב איך קיין סך ניט געקענט אויפטון; דערפאַר אָבער ביי אַ צווייטער לעקציע, ווען איך האָב גערעדט וועגן דוד פּינסקים

דראַמעס, האָב איך גערעדט מיט האַרץ און נשמה, ווייל זי איז געווען דערביי. אין דער לעקציע האָב איך „אריינגע־לייגט" מיין גאַנצן רעדנער־טאַלאַנט.

אַזוי איז אַריבער אַ יאָר. ביי טאָג האָב איך געאַרבעט אין לין אין שאָפּ, ביינאַכט בין איך אין באָסטאָן געווען פאַר־נומען מיט דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. איך פלעג זיך אומקערן אַהיים 3-4 אַזייגער ביינאַכט. פון אַזאַ אָנשטרענ־גונג איז מיר קיין געזונט ניט צוגעקומען, און איך בין טאַקע שטאַרק אָפּגעשוואַכט געוואָרן.

די ערשטע וועלט־מלחמה אין אייראָפּע האָט שוין גע־ברענט. איך טרעף די געקרייזלטע האָר, מיין געליבטע, זי איז פאַריאָמערט. וואָס איז? זי האָט מורא, זי האָט פאַר־לאָרן אַ ברודער אין דער מלחמה. אין אַ פּאָר טעג אַרום האָב איך אָנגעשריבן אַ ליד; עס איז שוין באַלד 37 יאָר זינט יענער צייט, נאָר פונדעסטוועגן געדענק איך דעם אינהאַלט, וואָס האָט זיך אַזוי געלייענט:

> „דאָרט אין יענער בהלה, אין כאַאָס און גערודער,
> האָסטו פאַרלוירן דיין ברודער!"

דאָס ליד האָט געהאַט פיר פערזן. איך פלעג גאַנץ אָפט שרייבן שטיפערישע פערזן. איך האָב מיינע לידער ניט גע־דרוקט; במילא ווייס איך ניט, צי זיי זיינען געווען דרוקבאַר צי ניט.

וואָס וועט זיין דער תכלית? איך בין שוין ניט קיין

יינגעלע. די איינזאמקייט דריקט אויף מיר, שטענדיק צו זיין אן א היים איז זייער שווער; אפילו מיין ברודער, וואס האט געוואוינט אין באסטאן, האב איך זעלטן געזען. אויף פסח לאדט מיך מיין ברודער איין צום סדר — איך בין שוין ניט געווען צו א סדר זינט איך בין אוועקגעפארן פון דער היים. איך גיי צום סדר, נאר דערוויל האט זיך מיין ברודער ארויסגעקליבן אין אן אנדער דירה, און קיינער ווייסט ניט וואוהין. איך בלאנקע ארום איבער די באסטאנער גאסן אן איינזאמער, א פארלארענער — עס פעלט א היים.

* * *

די לעצטע יארן זיינען געווען זייער דערפאלגרייך פאר דער יידישער סאציאליסטישער באוועגונג. קיין באסטאן זיינען אפט געקומען ב. וולאדעק, מאקס גאלדפארב, שיפּליא־קאוו, ב. וואולף — אלע גלענצנדיקע רעדנער. אויסער דעם, האבן מיר אין באסטאן געהאט גאנץ גוטע לאקאלע רעדנער. דזשא ביראק איז געווען זייער אקטיוו, ער פלעגט רעדן אויף אפענע מיטינגען, וואס מיר פלעגן איינארדענען יעדן פרייטאג. ער פלעגט וועלן אז די מיטינגען זאלן פארקומען אין העריסאן עווועניו, ווייל דארטן האט געוואוינט זיין שוועסטער, פרוי בריקמאן; איך ווידער האב געוואלט, אז די מיטינגען זאלן פארקומען אין טשיימבער סטריט, דארט האט געוואוינט די מיידל מיט די געקרייזלטע האר, וועט זי קענען הערן מיך רעדן. על פי רוב, האט אויסגעפירט ביראק — ער

איז געווען אַ בעסערער רעדנער פון מיר. אין 1913 זיינען אַהער אויך געקומען: יוסף טשעסקים, אַ סטודענט פון האַר־וואַרד קאַלעדזש, אַ גוטער סאָציאַליסט, און האָט זייער פיל פאַר אונז געאַרבעט; לואיס סילווער, אַ סטודענט פון טאַפּט קאַלעדזש, ער איז געווען זייער אַ פאַרנומענער מענטש, האָט ער פאַר אונז קיין סך ניט געקענט אויפטון.

אין דער צייט, וואָס איך בין געווען פאַרנומען מיט דער סאָציאַליסטישער אַרבעט אין באָסטאָן, איז אין שאַפּ געוואָרן אַלץ ווייניקער אַרבעט. די אַלע יאָרן האָב איך געאַרבעט אויף איין פּלאַץ, זוכן ערגעץ וואו אַנדערש אַרבעט האָב איך ניט געוואָלט; האָב איך, אין מיטן דעם גאַנצן טומל, גענומען קלערן צו גיין פאַר זיך אין ביזנעס.

דערווייל איז קיין אַמעריקע געקומען מ. אַלגין, האָבן מיר אים אַראָפּגעבראַכט קיין באָסטאָן. מיר האָבן צונויפ־גערופן אַ גרויסע פאַרזאַמלונג, וואו ער איז אַרויסגעטראָטן, און מיר האָבן אויך געמאַכט אַ שיינעם באַנקעט פאַר אים; איך בין געווען דער טאָסט־מייסטער פון דעם באַנקעט. גיי־ענדיק פונם באַנקעט, פרעג איך דאָס מיידל מיט די גע־קרייזלטע האָר, ווי איז איר געפעלן געוואָרן ווי איך האָב געפירט דעם באַנקעט? איר תשובה איז געווען — אַ וואַ־רעמער קוש. אָט יענעם הארציקן קוש געדענק איך ביז היינטיקן טאָג. אַזוי אַרום האָבן זיך צוויי נשמות גענומען צופּאַסן איינע צו דער אַנדערער, און ווען די צייט איז גע־קומען, זיינען די שפּראָצונגען געוואָרן רייף און די בלומען האָבן אָנגעהויבן וואַקסן. צום באַדויערן וועלכן זיי שוין

איצטער גאַנץ שטאַרק — שוין 36 יאָר פירן מיר אַ פרידלעך פאַמיליע־לעבן.

## איך ווער אַ פאַבריקאַנט

פון מיין פריסטער יוגנט אָן האָט איין פּערזאָן פאַרנומען אַן אָרט אין מיין לעבן; איך קען זי ניט אויסלאָזן פון מיינע דעראינערונגען. די פּערזאָן האָט אַ סך געליטן, אויך איך האָב פון דעם קיין פאַרגעניגן ניט געהאַט. אַזוי איז שוין דער שיקזאַל פון אונזער לעבן, ס׳קומט ניט געבעטענערהייט.

זשעניע, אַ ווילנער בונדיסטין, האָט זיך געטראָפן מיט מיר אין מיין שטעטל אין 1904. אַ שטילע, שוין צופיל שטיל פאַר דעם ברויזנדיקן לעבן פון יענער צייט. זי איז ביי אונז אין שטוב געווען עטלעכע מאָל. ווי אַלע מאַמעס, אַזוי האָט אויך מיין מאַמע געוואָלט דערלעבן אַ נחת אין איר קינד. האָט די מאַמע איינמאָל צו מיר געזאָגט: „מיין קינד, אַט די מיידל איז זייער אַ וואוילע, אפשר? וואָס זאָגסטו?”... איך האָב פאַרשטאַנען, וואָס די מאַמע מיינט מיינט דער־מיט, נאָר איך האָב זיך ניט וויסנדיק געמאַכט; זשעניע אָבער האָט לאַנגע יאָרן ניט פאַרגעסן אין מיר — און אפשר דאָס גאַנצע לעבן אירס. איך אָבער, האָב דערפון ניט געטראַכט. דערווייל איז זי אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע, איך בין גע־בליבן אין רוסלאַנד און האָב דאָרטן ווייטער געקעמפט; מיט איר האָב איך זיך קיינמאָל ניט דורכגעשריבן. אין אַ פּאָר יאָר אַרום בין איך אויך געקומען קיין ניו־יאָרק און האָב זיך מיט איר געטראָפן. ווי איך האָב געזען, איז זי ניט גע־

ווען גלייכגילטיק צו מיר, נאָר וועמען גייט עס אָן? אינגיכן פאַרלאָז איך ניו־יאָרק און קום קיין לין. מיט אַ פּאָר יאָר נאָך מיין קומען קיין לין נעם איך קריגן בריוו פון איר, נאָר זעלטן ווען איך ענטפער. מיט אַמאָל קומט זי צופאָרן קיין לין. איך גיב איר צו פאַרשטיין, אַז צווישן אונז קען גאָר־ניט זיין. זי וויינט, זי בעט, זי שרייבט מיר לידער אין שיינע פערזן — אַ באַגאַבטע פערזאָן, אַ טאַלאַנט האָט זי געהאַט. מיט יאָרן שפּעטער האָט זי געשריבן אין „מאָרגן־פרייהייט" פון צייט צו צייט אונטער דעם נאָמען דזשעניע וואַלדשטיין. זי איז געווען אַן איבערגעגעבענע קאָמוניסטין. ווען איך בין שוין געווען פאַרהייראַט, פלעגט זי קומען ביינאַכט צום סטאָר צו כאַפּן אַ קוק אויף מיר. זיכער בין איך ניט קיין מאַגנעטישע פערזאָן, נאָר ווי זאָגט מען: אויף ליבע פרעגט מען ניט קיין קשיות. אַזוי איז דער מענטש, ער ווערט גע־בוירן אַ בלינדער און לעבט אַ בלינדער. וואו דזשעניע איז איצט, ווייס איך ניט. געהערט האָב איך, אַז זי איז געווען אין אַן אַנשטאַלט פאַר פּסיכיש־צערודערטע מענטשן.

אין 1915 האָב איך אויפגעגעבן מיין גאַנצע געזעל־שאַפטלעכע אַרבעט און מיר קויפן אַ דעליקאַטעסן געשעפט, וואָס איז אָפן גאַנצע זיבן טעג אין דער וואָך, טאָג ווי נאַכט. מיר גייען אַריין אין אַ געפערלעכער שקלאַפעריי. מיר פאָרן קיין ניו־יאָרק זיך זען מיט פריינד. איידער מיר פאָרן קיין ניו־יאָרק, לאָז איך וויסן מיינע פריינד, די קאַמינסקים, ביי וועמען אין הויז איך האָב פאַרבראַכט יאָרן־לאַנג אַ סך איינ־זאַמע טעג. די פרוי קאַמינסקי האָט דאָך געהאָפט, אַז סוף

כל סוף וועל איך ווערן זייערער אַן אייגענער מענטש און דאַ זאָג איך איר גאָר, אַז איך האָב חתונה געהאַט. זי איז געווען צו קלוג אַרויסצוווייזן איבערראַשונג, איך באַמערק אָבער, ווי עס בייטן זיך די קאָלירן ביי איר אין פּנים — „איר פאָרט קיין ניו־יאָרק," זאָגט זי, „ווען איר זען בעקען?" „איך וויים ניט," ענטפער איך, „מיר וועלן דאָרט זיין נאָר א פּאָר טעג." „איר מוזט זען בעקען. איך וועל מיט אייך מיטגעבן אַ מתנה פאַר אירעטוועגן, איר וועט מיר געווים ניט אָפּזאָגן." פאַרשטייט זיך, אַז איך זאָג איר ניט אָפּ, צו גוט זיינען זיי צו מיר געווען די אַלע יאָרן. בעקע האָט שוין מיין פרוי בעסיען געקענט פון פריער. ווען זי האָט זיך דערוואוסט פון מיר, אַז מיר האָבן חתונה געהאַט, איז זי געוואָרן שטאַרק איבערראַשט. בעקע האָט זיך איבער־געטאָן אין איר אַלטן שוואַרצן קלייד. מיט יאָרן שפּעטער האָט זי מיר דערציילט דעם מיין פּונם איבערטון זיך — עס איז פאַר איר געווען אַ טרויער אין לעבן, ווייל געהאָפט האָט זי, אַז איך וועל קומען קיין ניו־יאָרק און אפשר ? . . . צופיל שכל איז ניט אַלע מאָל גוט.

ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ ניי קאַפּיטל אין מיין און בעסים לעבן. מיר שטייען אין דעליקאַטעסן־געשעפט. מיר האָבן זיך אָפּגעריסן פון אַלץ און אַלעמען. באַשרייבן די פיר יאָר פון אונזער לעבן אין דעם דעליקאַטעסן־געשעפט איז ניט כדאי, ווייל עס איז געווען אַ לאַנגע קייט שקלאַ־פעריי — ניט קיין טאָג און ניט קיין נאַכט — דו קענסט קיי־נעם ניט זען און קיינער קען דיך ניט זען. דאָס לעבן אין

טורמע (פּריזאָן) איז אמת טאַקע שווער, דאָך האָסטו מינוטן וואָס דו קענסט זיך זען מיט פריינד; ס'זיינען דאָ מינוטן אויף דורכצוגיין זיך; ס'זיינען דאָ שעה'ן אויף אויסצושלאָפן זיך; דאָ אין געשעפט איז גאָרניט ניטאָ, אבסאָלוט גאָרניט. מען מאַכט צו דאָס געשעפט איינס ביינאַכט און פינף אין דער פרי עפנט מען שוין אויף. אַרבעט, אַרבעט אָן אַ זינען. איך פלעג קוקן אויף דעם געקרייזלטן קאָפּ האָר, אויפן פנים, וואָס הויבט אָן צו וועלקן — ניטאָ די אַמאָליקע פאַרב. עס פלעגט רייסן דאָס האַרץ — צו וואָס זיינען מיר זיך מקריב?

דער ערשטער זומער אין אונזערע ביזנעס. אין דער פרי איז מען געווען פאַרנומען, האָט מען אַזוי שטאַרק ניט גע- פילט דעם פארדרוס, אָבער נאָך מיטאָג, ווען אַלע צעפאָרן זיך, ווערט די שטאָט פוסט, און דו מוזט שטיין אין געשעפט. איך פלעג זען פאַרבאַהאַלטענע טרערן אין אירע אויגן. גאַנץ אָפט טראַכט איך, פאַרוואָס האָט זיך ניט געפונען קיין דיכ- טער צו באַזינגען אָדער צו פאַרשילטן די שקלאַפעריי פון די יידישע דעליקאַטעסן-געשעפטן? פון צייט צו צייט פלעגן אַריינקומען צו אונז אַלטע חברים און דערציילן, וואָס עס טוט זיך אין דעם „לעבעדיקן" לעבן. אַמעריקאַ איז דאַן שוין געווען אַריינגעטראַטן אין קריג. מיר האָבן געהאָרע- וועט, אין קיין שום געזעלשאַפטלעכער אַרבעט האָבן מיר זיך ניט באַטייליקט. און אַזוי, אין דער שווערער האָרעוואַניע האָט מיין פרוי געבוירן אונזערע צווייי זין.

לענגער אָנהאַלטן דאָס דעליקאַטעסן געשעפט האָב איך ניט געקענט, און האָב עס טאַקע פאַרקויפט. צום ערשטן

מאָל אין פיר יאָר גיי איך צו אַן אונטערנעמונג פון סאָציאַ־ליסטישן ברענטש. איך קום אריין אין האַל, מען באַגריסט מיך: „אָ, יאפּעע איז דאָ!" דער פּאַרזיצער גיט מיר אַ וואָרט. איך שטעל זיך אויף און נעם ריידן, נאָר עס רעדט זיך ניט. איך קען ניט אַרויסזאָגן קלאָר אַ געדאַנק. פיר יאָר ניט גערעדט, האָב איך שוין פאַרגעסן ווי אַזוי צו ריידן. איך בעט אַנטשולדיקונג און זעץ זיך צוריק אַוועק. איך האָב געפילט גלייך, ווי איך וואָלט געקומען פון אַן אַנדער וועלט. פאַר די פיר יאָר אַרבעט אין דעליקאַטעסן־געשעפט האָב איך טייער באַצאָלט.

איידער איך האָב נאָך פאַרקויפט מיין געשעפט, האָב איך שוין געקויפט אַ קליין פאַבריקל אין דער טעקסטיל־בראַנזשע. דאָ וויל איך דערציילן וועגן מיינעם אַ חבר, וואָס האָט מיר אַריינגעצויגן אין דעם נייעם געשעפט; איך וועל אים אָנרופן מיטן אות מ. אין רוסלאַנד איז ער געווען אַ רעוואָלוציאָנער און איז פאַרשיקט געוואָרן אויף קאַטאָרגע אויפן גאַנצן לעבן. פון דאָרט האָט זיך אים איינגעגעבן צו אַנטלויפן קיין אַמעריקע. איך האָב זיך מיט אים דאָ געטראָפן. ער איז געווען שטאַרק נערוועז, צעבראָכן, און איך פלעג אים היטן, ער זאָל ניט באַגיין קיין זעלבסטמאָרד. איך האָב אויך געקראָגן פאַר אים אַרבעט, ער איז געוואָרן מיין אינטימער פריינד. אַ שטיקל צייט האָבן מיר אַפילו געוואוינט אין איין צימער. אַ מענטש מיט אויסערגעוויינטלעכע פעיקייטן. ער האָט געהאַט אַ סך מעלות, נאָר איין זאַך האָט אים גע־פעלט — געוויסן. דערהערט אַז איך וויל פאַרקויפן מיין

דעליקאַטעסן־געשעפט, לייגט ער מיר פאָר אַן אַנדער גע־שעפט. צוטרוי צו אים האָב איך געהאַט, זאָג איך אים: „איך פאַרלאָז זיך אינגאַנצן אויף דיר — אַז דו זאָגסט מיר, אַז ס'איז אַ גוט געשעפט, גלויב איך דיר.״ ער האָט מיך צונויפגעפירט מיט דריי ברידער, אַלס שותפים אין געשעפט. מיט עטלעכע חדשים שפּעטער האָבן זיי פאַרטאַכלעוועט ניט נאָר מיין אייגן געלט, נאָר אַ סך געלט וואָס איך האָב געליען אין די בענק. מיר האָט מען געטרויט, ווייל איך האָב גע־האַט אַ גוטן נאָמען. מיינע דריי שותפים האָבן ניט געהאַט וואָס צו פאַרלירן. מיר האָט זיך דערנאָך איינגעגעבן צו קריגן אַן ערלעכן מענטשן מיט אַביסל געלט און איך האָב מיט אים געמאַכט שותפות. די דריי ברידער האָב איך אויסגעצאָלט „זייער חלק״ און כ'בין פון זיי פּטור געוואָרן!

## איך ווער אַ קאָמוניסט, נאָר איך ציי זיך צוריק

בשעת איך האָב פאַרקויפט מיין דעליקאַטעסן געשעפט, האָב איך זיך פריער פון אַלץ גוט אויסגערוט און גענומען זיך ווידער אינטערעסירן מיטן געזעלשאַפטלעכן לעבן. ביז־נעם אַליין האָט מיך ניט געקענט באַפרידיקן. אין די פיר יאָר, וואָס איך בין געווען אָפּגעריסן פון אַקטיווער אַרבעט, האָט זיך אַ סך געענדערט דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן. איך בין נאָך געווען אַ מיטגליד פון סאָציאַליסטישן ברענטש, נאָר די מערהייט איז שוין דעמאָלט אַריבער צו די קאָמוניסטן.

מען האָט אויך מיט מיר איינגעטענהט, אַז איך זאָל פאַרלאָזן די סאָציאַליסטן. זיי האָבן ניט געקענט פאַרשטיין, אַז אַ מענטש לעבט זיך איין מיט דער טעאָריע פון סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, איז אים שווער מיט אַמאָל זיך אָפּצורייסן און אַריינטרעטן אין אַ נייער באַוועגונג, בפרט נאָך אַז פיר יאָר צייט בין איך געווען אָפּגעריסן פון דעם פּאַרטיי־לעבן. פריער פון אַלץ האָב איך זיך געמוזט אָריענטירן אין דער נייער באַוועגונג, געדאַרפט שטודירן זייער פּראָגראַם, און פיל צייט האָב איך ניט געהאַט, איך בין געווען פאַרנומען אין געשעפט. אָבער בלייבן שטיין פון דער ווייטנס אין אַזאַ צייט האָט זיך אויך ניט געוואָלט. דערצו זיינען אונטער־געקומען אייניקע פּאַסירונגען, וואָס האָבן געקענט פאַר־מיאוסן די דעמאָקראַטיע. פון קאָנגרעס האָט מען אויסגע־שלאָסן וויקטאָר בערגער, די ניו־יאָרקער לעדזשיסלייטשור האָט אויסגעשלאָסן די סאָציאַליסטישע אַסעמבלי־לייט (דע־פּוטאַטן) — די רעאַקציע האָט געבושעוועט.

און דאָ איז געקומען די אָקטאָבער־רעוואָלוציע מיט אירע צוזאָגען און האָפענונגען. אַ רעוואָלוציאָנער בין איך געווען פון קינדווייז אָן, האָב איך זיך פאַראינטערעסירט מיט דער נייער באַוועגונג. דערצו נאָך איז אין דער קאָמוניס־טישער פּאַרטיי אַריין די מערהייט פון דער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע מיט די חשובע חברים, ווי אָלגין, סאָלוצקי, צביון. אַפילו ראָגאָף איז אויך אַוועק מיט זיי. און אונזער גאַנצער יידישער סאָציאַליסטישער ברענטש איז אויך אַריבער צו די קאָמוניסטן, בין איך אַוועק צו זיי אינאיינעם מיטן ברענטש.

דאָ הויבט זיך אָן ביי מיר אַן אינערלעכער קאַמף — איך באַשעפטיק דאָך אין מיין פאַבריקל עטלעכע אַרבעטער. כאָטש איך מאַטער זיך מער ווי ווען איך וואָלט געאַרבעט ביי יענעם, אָבער איינס האָט ניט צום צווייטן. מיר פּלאָגט מיין געוויסן, קיין רואיקע טעג האָב איך אין דער קאָמוניסטישער באַוועגונג ניט געהאַט. איך האָב באַלד אויסגעפונען, אַז אין דער פּאַרטיי האָב איך קיין ווערט ניט, מען הערשט איבער מיר. עס איז ניט קיין דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט, נאָר אַ דיקטאַטור איבער דעם פּראָלעטאַריאַט. דו קענסט אויסקלייבן אַ דעלעגאַט אָדער דעלעגאַטן, נאָר אויב די העכערע קערפּערשאַפט געפעלן זיי ניט, איז דיין שטימע גאָרניט ווערט, און דער דעלעגאַט איז ניט קיין דעלעגאַט. מיר איז שווער געווען זיך צוצופּאַסן צו אַזאַ מין שטייגער.

איך טרעט אריין אין אַרבעטער רינג ברענטש 718. די יאָרן פון לעיבאָר ליג בין איך געווען אַ „מיטגליד עטלאַרדזש". מיר האָט בעסער אימפּאָנירט צו אַרבעטן אין דעם אינדעפּענדענט אַרבעטער רינג, אָבער פאַרבליבן בין איך אין אַרבעטער רינג. דער קאַמף צווישן די ביידע אַרבעטער רינגס — דער ניו־יאָרקער און דער אינדעפּענדענט — איז געווען אַ פאַרביטערטער. אונזער ברענטש 718 איז געווען איינער פון די לעבעדיקסטע — ער האָט געהאַט אַן אייגענע שול מיט אַ 80 קינדער, האָט פאַרוואַלטעט מיט דעם אינטערנייש‍אָנאַל האָל, אאַז"וו. די מיטגלידערשאַפט האָט באַטראָפן אַרום 200, און איז באַשטאַנען פון אַ יונגן און

פראגרעסיוון עלעמענט. דארטן האב איך אויך געטראפן א סך פון מיינע אלטע פריינד פון דער סאציאליסטישער באַ־ווענונג. איך האב אבער געמאכט א גרויסן טעות וואס איך בין אריין אלס א מיטגליד פון דער קאמוניסטישער פארטיי. ס'איז ניט קיין חידוש וואס איך האב זיך גלייך אנגעהויבן ארומצוקריגן מיט מיינע סאציאליסטישע פריינט.

אין דער אלטער היים איז געווען משפחה־פריינדשאפט, וואס האט זיך געצויגן דורות־לאנג; דא אבער, אין אמעריקע, איז דער מענטש פרעמד, אפט אפילו עלנט. אין אונזער ברענטש האב איך געפונען א גרופע פערזענלעכע פריינד, און מיר האבן זיך צוזאמענגעלעבט אפילו בעסער ווי קרובים. סיי אין לײדן, סיי אין פריידן זיינען מיר שטענדיג געווען אינ־איינעם. צו אונזער גרופע פון ברענטש זיינען אויך צוגע־שטאנען אייניקע וואס זיינען אין ברענטש ניט געווען. מיר האבן געהאט א וואונדערלעכן קרייז, וואס האט אונזער לעבן געמאכט זייער אינטערעסאנט. אזוי האט זיך עס גע־צויגן פינף־און־צוואנציק יאר. צום באדויערן, צעפאלט זיך די לעצטע צייט אונזער קרייז. דער גרויזאמער טויט האט אוועקגעריסן דעם גרעסטן טייל, און די עטלעכע וואס זיינען געבליבן, זיינען אלט און קראנק. אבער צוריק צו דער קא־מוניסטישער פארטיי. איך ווער אויסגעוויילט פון דער פארטיי צו זיין איר משגיח אין ארבעטער־רינג, וואו איך האב געדארפט אפהיטן די קאמוניסטישע פארטיי־ליניע, און זעהן אז מען זאל אויסקלייבן לינקע דעלעגאטן צו קאנווענ־שאנס און קאנפערענצן. אין איין פאל האט מען ארויסגע־

שטעלט צוויי קאַנדידאַטן, וואָס זיינען ביידע געווען מיינע פּערזענלעכע פריינד — בירנבוים און לובאַרט — ביידע זיי־נען זיי שוין לײדער ניטאָ אויף דער וועלט, און לובאַרט איז דערוויילט געוואָרן; לויט דער פּאַרטיי ליניע האָט געדאַרפט אויסגעקליבן ווערן בירנבוים, האָט מען געהאַט צו מיר טענות, ווי האָב איך דאָס דערלאָזט. דער חבר לובאַרט איז געווען אַ טייערער און האַרציקער מענטש.

דער גאַנצער שפּיל איז מיר ניט געווען צום האַרצן. פון ניו־יאָרק איז געקומען דינערשטיין; עס האָט זיך דעמאָלט געהאַנדלט וועגן גרינדן אַ פאַרבאַנד אין אַרבעטער־רינג, און מיר איז דאָס געווען דערווידער. איך מיט דעם חבר בירנ־בוים האָבן געמוזט גיין רעאַגירן דערויף. נאָך אַזאַ פאַרזאַמ־לונג בין איך געקומען אַהיים אַ הייזעריקער, ווייל איך האָב דאָרט מן הסתם אַ סך געליאַרמט; און ווען קיינער האָט ניט געזען, האָב איך אויך פאַרגאָסן טרערן. האָב איך אָנגעהויבן זוכן אַ געלעגנהייט צו רעזיגנירן פון דער פּאַרטיי. אין מאָסקווע איז אויך ניט אַלץ צוגעגאַנגען אַזוי גלאַט. דער סטאַליניזם האָט שוין דאָרט געהערשט מיט זיין האַרטן פויסט. איך ווייס ניט, צי טראָצקיס טעאָריע איז געווען אַ ריכטיקע, נאָר מיר איז זי געווען מער צום האַרצן. איך האָב דאָס ניט באַהאַלטן פאַר די חברים, און דאָס האָט מיר גע־געבן אַ געלעגנהייט צו רעזיגנירן. איך האָב אויך אָנגעוויזן, אַז איך האָב ניט קיין מאָראַלע רעכט געהערן צו דער פּאַרטיי, ווייל איך באַשעפטיק אַרבעטער אין מיין פאַבריקל. עס פלעגט מיר געגנוג פּלאָגן מיין געוויסן צו זיין אין דער זעלבער

צייט אי אַ בעל־הבית אין דעם פאַבריק אי אַ טוער אין דער פּאַרטיי. לכתחילה האָט מען מיין רעזיגנאַציע ניט געוואָלט אָננעמען, נאָר שפּעטער איז מען דערויף איינגעגאַנגען און איך בין געוואָרן אַ פרייער מענטש.

## מען שליסט מיך אויס פון „איקאָר"

כאָטש איך האָב רעזיגנירט פון דער פּאַרטיי, האָב איך פונדעסטוועגן נאָך אַלץ געשטיצט אַלע לינקע אָרגאַניזאַציעס, ווי דעם איקאָר, קעמפּ און אַנדערע. דערציילן אַלע איינצל־הייטן וואָלט פאַרנומען הונדערטער זייטן, וועל איך אַרויס־נעמען נאָר אייניקע עפּיזאָדן. אין 1925 האָב איך פאַרלאָזט די קאָמוניסטישע פּאַרטיי און אין 1927 האָבן מיר געגרינדעט דעם קאָמוניסטישן קעמפּ „ניט געדייגעט" אין פרענקלין. די ערשטע 200 דאָלער האָב איך געגעבן; נאָר אַז איך פלעג קומען אין קעמפּ אַריין, האָט מען געשריען, ווער דאַרף דאָ דעם מאַנופעקטשורער, דעם קאָנטער־רעוואָלוציאָנער? דער אַרבעטער־רינג האָט נאָך דעמאָלט קיין קינדער־קעמפּ ניט געהאַט, האָב איך מיינע צוויי יינגלער געשיקט אין קאָמוניס־טישן קעמפּ „ניט־געדייגעט". מיט פיר וואָכן שפּעטער, ווען איך האָב אָפּגענומען מיינע קינדער פונם קעמפּ, פרעג איך דעם אינגערן, וואָס איז אַלט געוועזן אינגאַנצן אַכט יאָר, ווי איז אים דאָרט געפעלן געוואָרן. ענטפערט ער מיט טרערן אין די אייגעלעך: „יאָ, איך ווייס שוין אַלץ וועגן דיר — דו ביסט אַ קאַפּיטאַליסט, דו ביסט אַ טראָצקיסט. איך וויל מער

גיט זיין ביי דיר אין הויז.״ און ווען איך פרעג אים, פון וואָס וועט ער מאַכן אַ לעבן? ענטפערט ער מיר: „איך וועל גיין אַרבעטן אין אַ גראָסערי און אָפּטראָגן באַשטעלונגען. דערפון וועל איך לעבן.״ מיין זון, וואָס איז איצט אַן אויגן־דאָקטאָר, ווען ער דערמאָנט זיך אין יענעם קעמפּ מיט זייער תורה, האָט ער פון וואָס צו לאַכן. אָט אַזוי האָט ריווע, די לע־רערין פון קעמפּ, פאַרסמט אונזערע קינדער. מיט אַ יאָר שפּע־טער האָב איך שוין מיינע קינדער געשיקט אין אַרבעטער־רינג קעמפּ. מיר דאַכט זיך, אַז זיי זיינען דאָרט געווען דריי זומערן און געקראָגן זייער אַ גוטע דערציאונג. אין די לינקע יידישע שולן האָב איך מיינע קינדער שוין מער ניט געשיקט. איך האָב פּאָר מיינע קינדער צוגענומען אַ יידישן לערער, זיי האָבן געלערנט פיר יאָר צייט. מיין טאָכטער איז גע־גאַנגען אין דער פּועלי־ציוניסטישער שול; רחל דייטש איז געווען די לערערין, זי איז געווען אַ טייערער מענטש. די יינגסטע טאָכטער מיינע איז אין קיין יידישער שול ניט גע־גאַנגען, זי רעדט אָבער יידיש בעסער פון דער עלטערער.

די נויט אין רוסלאַנד איז געוואָרן זייער גרויס, האָבן מיר דאָ אין אַמעריקע געגרינדעט אַן אָפּטיילונג פון „יידגעזקאָם״, וואָס האָט געקליבן קליידער און עסנוואַרג אויף צו שיקן קיין רוסלאַנד. מיטן היגן אָפּטייל פון „יידגעזקאָם״ האָט אָנגעפירט מיכאיל ראַשקעס. דניאל טשאַרני, מיט ווע־מען איך בין איצטער אינאיינעם אין סאַנאַטאָריע, דערציילט מיר, אַז אין יענער צייט איז ער אין מאָסקווער „יידגעזקאָם״ געווען דער אויפזעער איבער יענע פּעקלעך, וואָס ער פלעגט

פאַרטיילן צווישן די נויטבאַדערפטיקע יידישע שרייבער. צוויי יאָר צייט בין איך געווען דער פאָרזיצער פון היגן „יידגעזקאָם”. קיין סך האָבן מיר ניט אויפגעטאָן.

אויפן אָרט פון „יידגעזקאָם” האָט מען שפּעטער געגרינדעם דעם ”איקאָר”. דער „איקאָר” האָט זיך שוין געשטעלט גרעסערע צילן, ווי העלפן דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין רוסלאַנד, אד”גל. צו דער באָסטאָנער קאָנפערענץ זיינען געקומען פון ניו-יאָרק משה כץ, ד”ר ליבער און שכנא עפּשטיין. איך בין געווען דער פאָרזיצער פון דער קאָנפערענץ. ביי דעם קאָנפערענץ איז אויסגעקליבן געוואָרן א קאָמיטעט, וואָס אין אים זיינען אריין יעלין, דזשייקאָבסאָן און איך. דער פאָרזיצער פון קאָמיטעט איז געווען לואי הורוויטץ. ער איז געווען די נשמה פונם באָסטאָנער „איקאָר”; אַן אויסערגעוויינטלעך איבערגעגעבענער טוער, איז פאַר אים קיין שום זאַך ניט צו שווער געווען. ער האָט אוועקגעגעבן זיין גאַנצע ענערגיע פאַרן „איקאָר”.

* * *

הורוויטץ איז געווען אין די לעדער-ביזנעס. ס'האָט זיך גראָד אַזוי געמאַכט, אַז מיט יאָרן שפּעטער האָב איך אָפּגעקויפט ביי זיין פאַרטנער די ביזנעס, וואָס מיט זיי פירן איצט אָן מיינע קינדער. מיט הורוויטצן זיינען מיר געווען פערזענלעכע גוטע פריינד. יאָרן-לאַנג האָבן מיר אינאיינעם געאַרבעט אין דער עקזעקוטיווע. ער איז געווען שטאַרק אויסגעמאַטערט, איז ער צוגעשטאַנען צו מיר, איך זאָל

איבערנעמען דעם פּאָרזיץ פונם „איקאָר". צוויי יאָר צייט בין איך געווען דער פּאָרזיצער. דורך דער צייט זיינען ביי אונז אין באָסטאָן געווען מיכאיל ראַשקעס און דוד בערגעל־סאָן. מיט זיי האָבן מיר אָרגאַניזירט גרויסע פאַרזאַמלונגען. מיר האָבן געקליבן פאַר דער אָרגאַניזאַציע גרויסע סומען געלט. אייב עפּשטיין איז געווען דער אָרגאַנייזער פון אַמעריקאַנער „איקאָר", און ווען ער פלעגט קומען פון ניו־יאָרק קיין באָסטאָן, פלעגט ער גלייך פאַרפאָרן צו מיר אין שטוב אריין.

מיט אַמאָל איז מיין מערכה איבערגעפירט געוואָרן. מיינע אַפּיקורסישע געדאַנקען האָט די פירערשאַפט ניט גע־קענט פאַרטראָגן. איז ניט קיין חידוש, וואָס הינטער אַרום האָבן זיי געזוכט פטור צו ווערן פון מיר. אינגיכן האָט גע־זאָלט פאָרקומען אַ קאָנפערענץ, וואו מען האָט געדאַרפט אויסקלייבן אַ נייעם קאָמיטעט, האָבן די קאָמוניסטישע פּאַרטיי־מיטגלידער אויף אַ מיטינג נאָך פריער באַשלאָסן מיך מער ניט אויסצוקלייבן פאַר פאָרזיצער. וועגן דעם באַשלוס אויפן מיטינג האָב איך זיך דערוואוסט, און ווען איך האָב גע־עפנט די קאָנפערענץ, האָב איך געבעטן די דעלעגאַטן ניט צו שטימען פאַר מיר, ווייל די פירערשאַפט איבער אונז קען ניט פאַרטראָגן מיין אַפּיקורסות. ראובן זאַלצמאַן, וואָס איז געקומען פון ניו־יאָרק, איז געוואָרן אין כעס פון מיינע רייד און האָט פאַרלאַנגט, איך זאָל פאַרלאָזן די פּלאַטפאָרמע. דער גרעסטער טייל דעלעגאַטן האָבן מיך זייער גוט געקענט, און זאַלצמאַן האָט דעם מאָל ניט אויסגעפירט, איך האָב

געהאַט אַ מעגלעכקייט דורכפירן די קאָנפערענץ ביזן סוף, און דעמאָלט האָב איך פאַרלאָזן דעם האָל.

ווי איך האָב שוין פריער געזאָגט, קען איך דאָ ניט אויס־פירלעך באַשרייבן אַלץ וואָס איך האָב איבערגעלעבט די אַלע יאָרן, ספּעציעל אין דער צייט ווען איך בין צוגעשטאַנען צו דער לינקער באַוועגונג. איך וועל נאָר ארויסנעמען אַ פּאָר אינטערעסאַנטע און כאַראַקטעריסטישע עפּיזאָדן.

זינט איך בין אַוועק פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי האָט מען מיך באַקעמפט אויף פאַרשיידענע געביטן. אַלגין קומט קיין באָסטאָן; מען דאַרף מאַכן געלט פאַר דער „מאָרגן־פרייהייט", מאַכט מען פאַר אים אַ באַנקעט. אַזוי ווי איך בין שוין אייניקע מאָל געוועזן טאָסטמייסטער אויף זיינע באַנ־קעטן, רופט מיך אָפּ חבר דזשייקאָבס, אַז איך זאָל אויך דאָס מאָל זיין דער טאָסטמייסטער. סטייטש, ווי קען דאָס זיין? איך בין דאָך שוין ניט קיין פּאַרטיי־מיטגליד. ענט־פערט ער מיר, אַז דאָס מאַכט ניט אויס. איך לייג אים פאָר, ער זאָל זיך נאָך אַמאָל דורכריידן מיט די חברים. אין אַ פּאָר טעג אַרום רופט ער מיך ווייטער אָפּ, אַז עס איז אָנגענומען געוואָרן אַן איינשטימיקער באַשלוס, איך זאָל זיין דער טאָסטמייסטער. ער בעט מיך, איך זאָל קומען מיט אַ האַלבער שעה פריער, מען זאָל קענען אויסאַרבעטן די פּראָגראַם. איך קום צו דער צייט. איך זע, אַז ס. ד. לעווין וויל צו מיר צוגיין, נאָר שוואַרץ און דזשייקאָבסאָן לאָזן אים ניט צוקומען צו מיר. מען פירט מיר אַהער, מען פירט מיר אַהין און איך דערקען, אַז דאָ מוז עפּעס זיין. איך האָב שפּעטער אויסגע־

פונעז, אז ס. ד. לעווין און נאָך אַ פּאָר אַנדערע ווילן ניט, אַז איך זאָל זיין דער טאָסטמייסטער ביי אָלגינס באַנקעט. איך רעכן, אַז זיי זיינען גערעכט; איך וויל ניט אַז צוליב דעם זאָל זיין אַ קאַמף, און איך זאָג זיך אָפּ. דאָ איז שוין געוואָרן אַ פּראַגע, ווער ס'זאָל אויספירן. ס'איז שוין געוואָרן שפּעט, דער זאָל איז שוין פול מיט מענטשן, און אָט קומט אָלגין אַריין. מען דערציילט אים וואָס דאָ קומט פאָר, איז ער געוואָרן שטאַרק נערוועז און גייט צו מיר צו און בעט מיך, איך זאָל עפענען דעם באַנקעט. האָב איך טאַקע דורכגעפירט דעם באַנקעט, אָבער דאָס איז געווען דאָס לעצטע מאָל וואָס איך האָב זיך באַטייליקט אין אַזוינע אונטערנעמונגען.

## דער טעם פון יענער וועלט

איך האָב פאַרזוכט דעם טעם פון יענער וועלט, נאָר בלויז אין משך פון אַ פּאָר שעה. איך האָב געהאַט עטלעכע גוטע פריינד, וואָס מיר פלעגן זיך צונויפקומען זייער אָפט; מיר פלעגן אויך מאַכן רייזעס, אין די ווייסע בערג אָדער אין קאַנאַדע. איך האָב געהאַט אַ שוואַכקייט אַרומצופאָרן, האָב איך גענומען צוויי פריינד מיינע, וואָס ביידע זיינען שוין ניטאָ צווישן די לעבעדיקע, און מיר לאָזן זיך פאָרן קיין קאַנאַדע. מיר גייען אַריבער די גרענעץ, עס ווערט נאַכט און מיר נעכטיקן אין אַ קעבין. די גאַנצע נאַכט גייט אַ רעגן, זיינען מיר די גאַנצע נאַכט ניט געשלאָפן; דערצו האָב איך ניט געפילט גוט. מיר פאָרן אַרויס מיטן טאָג גלייך און איך

באַמערק, אַז אַ סך פּאַרער האָבן קייטן אויף די רעדער. די וועגן זיינען ליימיק — מיר זיינען געפאָרן אויף זייטיקע וועגן. אונזער אויטאָמאָביל הויבט זיך אָן צו גליטשן און מיר קערן זיך איבער. איך פאַל אויף אַ פעלז און ס׳רייסט מיר אָפּ אַן אויער. איך הער שרייען ווי דורך אַ חלום: „אַ האַנט, אַ האַנט!" מער ווי דאָס געדענק איך ניט. דריי שעה בין איך געווען באַוואוסטלאָז, איך האָב אויך געליטן אַ לייכטע מאַרך-צעטרייסלונג. איך עפן די אויגן און זע, אַז אַ גרויסער מאַן האַלט מיך אויפן שויס. איך בין אויסגעוווייקט אין בלוט. איך זע אַרום זיך נאָר פרעמדע מענטשן. וואו איז וויינרעבע? וואו איז לובאַרט? איך ווער ווידער באַוואוסט־לאָז, מען דאַרף מיך פירן צו אַ דאָקטאָר. איך בין ביי אַ פּאַרמער אין שטוב. איך כאַפּ זיך ווידער אויף און דערקען לובאַרטן, אָבער וואו איז וויינרעבע? איז ער טויט? פרעג איך. ניין, וויינרעבע איז געזונט, ער איז געבליבן צורעכט־מאַכן דעם אויטאָמאָביל, זאָגט מען מיר.

מיר געפינען זיך צען מייל פון אַ שטעטל, וואו ס׳איז דאָ אַ דאָקטאָר, און מען ברענגט מיך צו אים. איך האַלט אין איין חלשן. מען דאַרף צונייען דעם אויער, נאָר קיין שלאָף־געטראַנק קען מען מיר ניט געבן. דער דאָקטאָר רופט עט־לעכע מענטשן, מען זאָל מיך צוהאַלטן ביי די הענט און די פיס. איך האָב אין מיין לעבן שוין געליטן אַ סך ווייטאָקן, אָבער אַזאַ ווייטאָק, ווי ווען מען נייט צו מיט אַ דראָט אַן אויער, האָב איך נאָך ניט דורכגעלעבט. מיינער אַ פריינד האָט מיך צוגעהאַלטן ביי די פיס, האָב איך אים אַזאַ בריק

געטאָן, אַז ער איז אומגעפאַלן. צוויי מענער האָבן מיך גע־האַלטן ביי די פיס און צוויי ביי די הענט און מען האָט מיר געגעבן איינבייסן אַ שטיק האָלץ. אַזוי האָט מען מיר צו־געניים דעם אויער. נאָך דער אָפּעראַציע האָט מען מיר אוועקגעלייגט אין אַ האָטעל און מיינע פריינד זיינען אוועק־געגאַנגען זוכן אַביסל משקה, כדי זיך אַביסל צו צעשטרייען. איך בלייב אַליין אין צימער, עס ווערט מיר נאָך אַמאָל שלעכט. איך שאַר זיך אַראָפּ פונם בעט און קריך אַריין אין לאָבי פון האָטעל. איך חלש ווידער און מען טראָגט מיך אַריין אין מיין צימער. אויף מאָרגן . . . כ'האָב שוין ווידער גע־טריבן מיין אויטאָמאָביל און דורכגעפאָרן די צוויי־הונדערט מייל. דער אויטאָמאָביל איז געווען צעבראָכן, און איך בין אויך געווען צעבראָכן. מיין פרוי דערזעענדיק מיך, האָט אָנ־געהויבן צו חלשן.

## איך רוף צוריק צום אַרבעטער־רינג

דער קאַמף אין אַרבעטער־רינג צווישן לינקס און רעכטס איז געווען אַ פאַרבּיטערטער. ווען מען באַטראַכט דאָס אַלעס אָביעקטיוו, קען מען ניט פאַרשטיין, ווי אַזוי מען האָט גע־קענט מיטמאַכן דעם קאַמף אינאיינעם מיט די לינקע. ס'איז שווער צו געפינען אין דעם אַ לאָגיק. מילא, די מענטשן וואָס דענקען ניט, איז ניט שייך; אַבי זיי האָבן אַ פירער, גייט מען אים נאָך. ס'איז אָבער געווען אַ היפּשע צאָל דענקענדיקע אינטעליגענטע מענטשן, ווי אַזוי זיי האָבן געקענט נאָכגיין

בלינדערהייט, איז ניט צו פאַרשטיין. סיידן מיט איין זאַך קען מען דאָס פאַרענטפערן — אַז אויך די אינטעליגענטע מענטשן דאַרפן האָבן אַ פירער, וואָס ער וועט שוין ווייזן דעם ריכטיקן וועג — און זיי, די שעפּסן, וועלן שוין פאַרטיידיקן אַלע נאַרישקייטן. איך אַליין בין אַ שטיקל צייט געווען אין דער זעלבער לאַגע. איך אַליין האָב פאַרטיידיקט זאַכן וואָס זיינען געווען קעגן מיין געוויסן, ביז איך האָב מיט זיי איבערגעריסן.

איך האָב געהאַט אַ נאָענטן חבר, מיט וועמען איך האָב געאַרבעט אינאיינעם אין דער לינקער באַוועגונג. ער איז אַריין אין לינקן אָרדן. פרעג איך אים, ווי קומט עס וואָס ער באַטייליקט זיך אין אַזאַ אָרדן; ער איז דאָך, ווי איך ווייס, געווען קעגן דעם מען זאָל גרינדן אַ לינקן אָרדן. ענטפערט ער מיר, אַז מען קען גאָרניט מאַכן, די מאַסן ווילן עס. די מאַסן — דאָס זיינען געווען אַ פּאָר צענדליק מענטשן. אָט זיי האָט דער פירער געמוזט צופרידנשטעלן. ער איז אַוועק מיט די לינקע, געהאַלטן אַ הייסע רעדע צו געפעלן „די ברייטע מאַסן". אין אַ פּאָר חדשים אַרום איז ער געקומען בעטן זיך, מען זאָל אים צוריק אַריינגעמען אין אַרבעטער־רינג.

דער ברענטש 718 האָט זיך געשפּאַלטן: 75 מיט־גלידער זיינען אַוועק צום לינקן אָרדן, 90 — זיינען פאַרבליבן מיטן אַרבעטער־רינג. מיך האָט די שפּאַלטונג אין ברענטש שטאַרק פאַרדראָסן. איך האָב געפילט, אַז אין דעם איז אויך מיין שולד. איך האָב געהאָלפן דערפירן צו דעם. דער אַר־

בעטער־רינג האָט אין משך פון זיין עקזיסטענץ געהאַט גאָר גרויסע פאַרדינסטן, אַז מען זאָל אים איצט ווען צעברעכן.

איך בין געבליבן ביים אַרבעטער־רינג. מיט דעם מער פאַרשטענדלעכע עלעמענט האָב איך גערעדט, זיי זאָלן פאַר־בלייבן אין אַרבעטער־רינג. נאָך דעם ווי די לינקע האָבן פאַרלאָזן דעם בּרענטש, בין איך אויסגעקליבן געוואָרן פאַרן פאָרזיצער. דער בּרענטש איז געווען איינער פון די טע־טיקסטע אין באָסטאָן. איצטער, צום באַדויערן, איז ער אָפּגעשוואַכט געוואָרן. דער טויט רייסט אַרויס פון אונזערע רייען אַקטיווע מענטשן. איך בין אויך אויסגעקליבן גע־וואָרן אין דיסטריקט קאָמיטעט; איך בין דאָרט פאַרבליבן צוויי יאָר. איך פלעג באַזוכן בּרענטשעס; צו די גרעסערע פאַרזאַמלונגען, ווי למשל, אין וואוסטער, בראָקטאָן און אַנ־דערע, פלעג איך פאָרן האַלטן רעדעס. הלואי וואָלט מיר נאָר מיין געזונט דערלויבט, וואָלט איך געקענט אַ סך נוצן ברענגען דעם אַרבעטער רינג.

* * *

די פאַבריק מיינע האָט זיך איבערגעקליבן אין אַ גרע־סערער געביידע, איך האָב צוגעקויפט נייע וועבער־מאַשינען (לומס). מיין זון איז אַוועק אין לאָועל טעקסטיל סקול פאַר אַ דעזיינער, און איך אַליין האָב אויפגעפאַסט אויפן ניו־יאָרקער אָפּיס, איך פלעג קומען קיין ניו־יאָרק אַלע וואָך. די גע־שעפטן האָבן זיך פאַרבעסערט. דערווייל אָבער האָט זיך אונטערגערוקט די צווייטע וועלט־מלחמה. מיין עלטערער

זון איז אַוועק אין דער אַרמיי; מיין אינגערער זון, וואָס האָט נאָר וואָס געענדיקט אויף אויגן־דאָקטאָר, האָט געמוזט פאַר־לאָזן זיין פּראָפעסיע, ווייל איך בין געווען געצוואונגען אים אַריינצונעמען אין געשעפט מיר מיטצוהעלפן פירן די ביזנעס. מיר האָבן ביידע אָנגעפירט מיט דער פאַבריק. מיין עלטערע טאָכטער האָט געהאַט אַ שטעלע ביי דער רעגירונג, די אינגערע — האָט געלערנט אויף אַ דייעטישן. מיינע קינדער האָב איך געגעבן אַ העכערע בילדונג.

אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה בין איך געווען שטאַרק פאַרנומען מיט מיינע אייגענע געשעפטן און האָב זיך געקענט ווייניק וואָס אָפּגעבן מיט געזעלשאַפט־לעכער אַרבעט. אַקטיוו בין איך נאָר געווען אין „ראַשיאַן וואָר רעליעף". איך וויל דאָ דערמאָנען איין באַנקעט, וואָס איז פאָרגעקומען אין סטאַטלער האָטעל. צום באַנקעט זיינען געקומען 400 מענטשן. עס האָבן גערעדט דער גאָווערנאָר פון אונזער סטייט און דער מעיאָר. דורך אַ צופאַל איז מיר אויסגעקומען צו זיצן ביי איין טיש מיטן וויס־פּרעזידענט פון פוירסט נעשאָנאַל באַנק, מיטן שרייבער עדגאַר סנאָו, מיט דעם באַרימטן האַרץ־ספּעציאַליסט פּאול וויט, און אַנדערע.

אין סימפאָני האָל האָבן מיר אויפגענומען די דעלעגאַציע פון סאָוועט־רוסלאַנד — איציק פעפער און מיכאָעלס. אויסער דעם האָב איך זיך נאָך באַטייליקט אויף קלענערע מיטינגען.

מיין ברענטש פונם אַרבעטער־רינג האָט צו מיין 60־יאָריקן יובילייז געוואָלט מיר מאַכן אַ יום־טוב, נאָר איך האָב

זיך דערפון אָפּגעזאָגט. איך האָב זיי אָבער צוגעזאָגט, אַז ווען אונזערע קינדער וועלן בשלום אַהיים קומען פון דער מלחמה, וועל איך דעמאָלט אויף מיין חשבון מאַכן אַ באַנ־קעט פאַר די עלטערן מיט די קינדער און מיר וועלן פייערן דעם זיג איבערן שונא. די מלחמה האָט זיך געענדיקט און איך האָב געהאַלטן מיין צוזאָג — געמאַכט אַ באַנקעט, וואו אַלע זיין און טעכטער זיינען דאָרט געווען. עס איז געווען אַ גרויסע פרייד, איך וועל ספּעציעל געדענקען יענעם יום־טוב. מיין טאָכטער האָט זיך ביי דעם באַנקעט באַקענט מיט סידנין, דעם עלטערן זון פון אונזערן אַ מיטגליד פון ברענטש, קאַפּלאַן. סידני קאַפּלאַן איז געווען אַ קעפּטן אין דער אַרמיי. מיט אַ יאָר שפּעטער האָבן זיי חתונה געהאַט. מיר זיינען גליקלעך מיט אים. מיין איידעם האָט צוויי פּראָ־פעסיעס: ער איז אַן אַקאַונטענט און אַ לאָיער. זיי האָבן שוין צוויי קינדער.

אויף מיין עלטערן זון האָבן מיר געוואַרט מיט גרויס אומגעדולד. יעדער טאָג איז ביי מיר געווען אַ יאָר די גרויס. איך האָב געפילט, אַז די כוחות לאָזן זיך מיר אוים. עס האָט שוין געטראָפן עטלעכע מאָל, אַז איך בין קראַנק געוואָרן אין ניו־יאָרק און מיט גרויסע שוועריקייטן בין איך געקומען אַהיים. איך האָב געשיקט ביטעם קיין אָקינאַווא, מען זאָל באַפרייען מיין זון צוליב מיין געבראָכענעם געזונט־צושטאַנד. ענדלעך קלינגט מען פון טאַקאָמאַ, וואַשינגטאָן, אַז מיין זון איז נאָר וואָס אַראָפּ פונם שיף און פאָרט אַהיים. וועל איך נאָך דערלעבן צו זען מיין זון? די רייזע פון דאָרט דאַרף

געדויערן אַ וואָך, אָדער אַ טאָג צען; אָבער די טעג ציען זיך אַזוי לאַנג! איך פיל זיך זייער שוואַך, פונדעסטוועגן פאָר איך קיין ניו־יאָרק, כאָטש איך האָב זיך געשראָקן, טאָמער וועל איך שוין ניט קענען קומען צוריק אַהיים. ענדלעך איז מיין זון געקומען. מען קען אים כמעט ניט דערקענען. ער האָט דורכגעמאַכט דעם גאַנצן גיהנם. דער שטורם פון אָקי־נאַוואַ האָט אים געהאַט פאַרוואָרפן אין די בערג און מען האָט אים קוים געקענט געפינען. מיר בעטן זיך ביי אים, ער זאָל זיך ראשית כל פאָרן אויסרוען. אין אַזאַ צושטאַנד, ווי ער איז איצט געווען, איז אוממעגלעך געווען ער זאָל אַריין אין דער פאַבריק און זיך פאַרנעמען מיט דער אַרבעט. איך זע, אַז ער קען קיין צען מינוט אויף די פיס ניט שטיין; ער אָבער טענהט, אַז איך זאָל פאָרן, ווייל מיין געזונט האַלט זיך אויף אַ האָר.

איך פאָר מיט מיין פרוי קיין פלאָרידע. מיר בלייבן דאָרט עטלעכע וואָכן, נאָר פלאָרידע העלפט מיר אויך ניט, עס ווערט מיר ערגער; קערן מיר זיך אום צוריק אַהיים. און ערשט איצט האָבן די דאָקטוירים אויסגעפונען, אַז מיינע לונגען זיינען אָנגעגריפן. איך פאַרלאָז די פאַבריק און פאָר אַוועק אין אַ סאַנאַטאָריע. מיין שטימונג איז געווען גלייך ווי איך וואָלט געפאָרן אויף יענער וועלט. טייכן טרערן האָב איך פאַרגאָסן; דאָס האַרץ זאָגט מיר, אַז אַלץ גייט פאַרלאָרן. דער עלטערער זון מיינער האָט גאָרניט געקענט טון אין דער פאַבריק און דער יינגערער איז געווען שטאַרק אויסגע־מאַטערט. אַלע טאָג קריג איך בריוו פון זיי, אַז דאָס גע־

שעפּט מוז מען אויפגעבן. איך אַליין בין נאָך שטאַרק קראַנק, איך מוז ליגן אין בעט און טאָר ניט באַוועגן מיט קיין גליד. איך פיל, אַז אַט וועל איך אַראָפּ פון זינען — אַלץ גייט צו גרונד.

עס בלייבט מיר מער ניט איבער, ווי צו פאַרקויפן די פאַבריק. קראַנקערהייט פאַר איך אונטערשרייבן די פּאַ־פּירן. דרייסיק יאָר האָב איך געבויט און איצט פאַלט אַלץ אום. איך מוז נאָך אַלץ רוען. מיינע זין זיינען אָפּגעריסן פון זייערע פּראָפעסיעס, זיי גייען איצט אַרום ליידיק. מיין געזונט־צושטאַנד פאַרבעסערט זיך, אָבער ס'איז ניטאָ צו וואָס זיך צו נעמען. איך פּרוביר מיין מזל אין ריעל עסטייט. איך בין אין דער בראַנזשע נאָך גאָר אַ גרינער, קען איך ווייניק וואָס אויפטון. פאַר מיר אַליין וואָלט מיך שוין אַזוי ניט געאַרט, איך בין שוין אַן עלטערער מענטש; אָבער וואָס טוט מען מיט די קינדער? מיר ווייזט זיך אַלץ אוים, אַז איך האָב רואינירט זייער קאַריערע. דריי יאָר צייט האָבן מיר אַלע גאָרניט געטאָן. דאָס זיינען געווען די ערגסטע דריי יאָר אין מיין לעבן. ענדלעך האָבן מיר געקויפט אַ לעדער־געשעפט פון מיין אַלטן פריינדס אַ געוועזענעם פּאַרט־נער. איך האָב זיך צוגעכאַפּט צו דער אַרבעט — און גע־אַרבעט צו שווער — דערפאַר שרייב איך איצט די שורות אין אַ סאַנאַטאָריע פון דעם אַרבעטער־רינג. אויף דער עלטער טאָר מען שווער ניט אַרבעטן.

שניאור יאַפּפּע

# אין סאַנאַטאָריע

מיין דאָקטאר זאָגט, אַז איך מוז פאָרן אין אַ סאַנאַטאָריע. דאָס וואָרט סאַנאַטאָריע צערודערט מיך אינגאַנצן. מיין פרוי פילט אויך ניט גוט; איבערלאָזן זי אין אַזאַ צושטאַנד איז זייער שלעכט.

אין אַ לונגן־סאַנאַטאָריע קען מען קיינמאָל ניט וויסן וואָס עס קען זיך אַנטוויקלען. אמאָל קען טרעפן, מען גייט אַריין דורך אַ ברייטער טיר און מען קומט אַרויס דורך זייער אַ שמאָלער טיר.... מיינע נערוון ווערן אָפּגעשוואַכט; איך ליג גאַנצע נעכט, עס נעמט ניט קיין שלאָף. איך נעם פאַר־לירן וואָג. פריינד באַזוכן מיך; יעדער איינער מאַכט אַ באַ־מערקונג וועגן מיין שלעכטן אויסזען. פון די אַלע באַמער־קונגען ווערט מיר ערגער און ערגער. סוף כל סוף באַשלים איך צו פאָרן אין אַ סאַנאַטאָריע. דער טאָג דערנענטערט זיך. מיין טרערן־קוואַל האָט זיך געעפנט, ביי יעדער קלייניקייט הויב איך אָן צו וויינען. מיין פרוי, ווי קראַנק זי איז, מוסרט מיך, וואָס איך קען זיך ניט באַהערשן.

— זע, וואָס טוט זיך מיט דיר? — האַלט זי אין איין טענהן — נעם פאַר אַ ביישפיל דניאל טשאַרנין, זע וויפיל יאָרן ער איז אין סאַנאַטאָריע, און ער לעבט און שאַפט — ער איז נאָך אין סאַנאַטאָריע מער שעפעריש ווי פיל אַנדערע

שרייבערס, וואָס לעבן אין אַ היימישער סביבה. זיין יעדע זאַך, וואָס ער שאַפט, אָטעמט מיט לעבן, מיט הומאָר. ער מאַכט געזונטע צו לאַכן, און דו פאַרלירסט זיך.

— יאָ, מיין טייערע, איך גיב עס צו, אָבער וויפיל טשאַרנים אַזעלכע איז דאָ? ער איז באַשאָנקען פון דער נאַטור מיט אַזאַ כאַראַקטער, וואָס ניט אַלע קענען דאָס האָבן. מיר האָבן נאָר איין טשאַרנין! — האָב איך מסכים געווען מיט מיין פרוי און זיך באַרואיקט.

עס דערנעענטערט זיך דער מאָרגן, ווען איך דאַרף פאַרלאָזן מיין היים. די נאַכט האָב איך מיט קיין אויג ניט צוגעמאַכט. מיין זון קומט זעקס אַזייגער פאַרטאָג מיך נעמען קיין ליבערטי. עס גיסט אַ רעגן, עס איז פינסטער — די נאַטור האָט זיך אויך צעוויינט אויף מיר קוקנדיק ביי מיין פאַרלאָזן די היים.

מיין פרוי איז געבויגן אין דרייען. איך זע, זי ברעכט צוזאַמען. צוויי שוועגערינס שטייען אין קיך און וויינען ביטער. איך קוש מיין פרוי; אַ מאַך מיט דער האַנט צו די שוועגערינס; מיין זון און די טאָכטער שלאָפן נאָך. איך פאַרלאָז די הויז און גיי אַריין אין דער מאַשין. איך בין פאַרשטיינערט. נאָך אַ שעה פאָרן בין איך געקומען עטוואָס צו זיך. די וואָלקנס טוען זייער אַרבעט — זיי גיסן גאַנצע טייכן מיט וואַסער. איך קום אין סאַנאַטאָריע. איך טרעף מיין ליבן פריינד דניאל טשאַרנין, און איך ווער גלייך דערמוטיקט פון זיין ליבן שמייכל. איך ווער געשטאַרקט פון

**שניאור יאַפּפּע**

זיינע ווערטער און מיין טרערן־קוואַל האָט זיך פאַרשלאָסן, איך האָב טשאַרנין פאַר אַ פריינד און חבר. ער האָט מיר איינגערעדט צו שרייבן מיינע עראינערונגען. אַ דאַנק טשאַרנין האָט איר איצט דעם דאָזיקן בוך, וואָס איר האַלט אין האַנט.

ליבערטי סאנאטאָריע
1952

# שטערן

גערוידמעט מיין זון לענאַרד

אַמאָל, אַמאָל, פון מיליאָנען יאָרן
האָבן אויפן הימל געלויכטן ביליאָנען שטערן;
מיט אַמאָל פינסטער, עס לייכטן מער ניט קיין שטערן —
גאַסן פינסטער, הייזער פינסטער,
אויף די פענסטער הייגנען שטערן.

מאַמעס מיט צעבראָכענע הערצער, מיט טרערן אין די אויגן,
פרעגן — וואו זיינען אַהינגעקומען די שטערן?
אַ כאַפּטע באַזויפענע יונגען האָבן אין אַ ווינקעלער
אין מינכען
באַשלאָסן עס זאָל מער ניט לייכטן קיין שטערן.

איבער יאַמען, איבער גאָרער וועלט
שווימען מיליאָנען שטערן;
מוטער מעקדאָנאַלד האָט פאַרלאָרן זיבן שטערן,
בענע, אונזער בענע, נעכטן אַ בליענדער בלום,
היינט אַ גאָלדענער שטערן.

און דו איינער פון די דרייסיק שטערן פון מיין בלוט,
דו ביזט דאָך אַ ראַדיא מעכאַניק,
שיק געשווינד דיין ראַדיא סיגנאַלן,
אויב ניט, איז אַלץ פאַרפאַלן.

שניאור יאַפּפּע

## דזשאַן ריד

צום 40 יאָריקן יובילײ פון ברענטש 718, אַרבעטער רינג

אין זוניקע פּרימאָרגנס, צי אין טיף פאַרשנייטע,
מיט אַן עראינערונג טאָן דערמאָנען מיר דיין נאָמען —
דזשאַן ריד, דזשאַן ריד;
ביזטו אַן אייניקל פון די דעקאַבריסטן?
צי גאָר אַ ברודער פון זשעליאַבאָוו?
דיין זיידע פון מעיפלאַוער, דער גרויסער מיוחס;
האַרוואַרד און ייעל, די טירן וויסנשאַפט,
זיינען פאַר דיר געווען אָפן,
מזרח, מזרח! רויט צעצונטערט זיינען דיינע הימלען,
און דו ביזט צום מזרח אַנטלאָפן.
שוואַרצע ערד, אונענדלעכע שלאַכן;
פוגאַטשאָוו און סטענקע ראַזין
ברענען פריצישע מאַיאָנטקעס מיט ניט געצאַמטן צאָרן,
דער אַרבעטער אין קייטן פאַרקאָוועט שלאָפט,
אין הימל לייכטן שטערן, ליכטיקע קאָמעטן,
אין דער לופטן שוועבן די נשמות פון ניקיטען און
זשעליאַבאָוו;
געפייניקט דורך דורות אין ציטער,

## עפּיזאָדן פון מיין לעבן

אין דעם לאַנד צוגליטער,
אָקטאָבער נאַכט, מיליאָנען האָבן דערוואַכט, דזשאָן ריד!
און דערמיט שאַפט זיין לעבנס ווערק
„צען טעג וואָס האָבן אויפגעטרייסלט די וועלט".

*        *        *

פרי ביזטו געשטאָרבן, אפשר איז דאָס גוט,
פאַרשפּאָרט צו זען דיין כּאַוועם בלוט,
דזשאָן ריד, דזשאָן ריד —
מיר האָבן דיר אַריינגענומען פאַר אַ מיטגליד!